№ 40.



פערלאג „די וועלט“, ווילנא.

סעמיאָן יושקעוויטש.

# דער הונגער

א דראמע אין פיער אקטען.





פון רוסישען איבערגעזעצט

אַלגין.

פרייז 25 קאפ׳.

דרוקעריי פון געזעלשאפט „ישורון“, ווארשא, פּאַנסקא 20.

1906.

# קאַטאַלאָג

פון ביכער־פערלאַג

## „די וועלט“, ווילנא.


| | | |
|---|---|---|
| | | פרייז |
| 1) | עדואַרד בעלאַמי. איבער הונדערט יאָהר | 25 ק. |
| 2) | דוד פינסקי. יום כפור ה. נאָמבערג. מען וועקט | 2 „ |
| 3) | *** ערצעהלונגען פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע | 6 „ |
| 4) | לעווין. אין אַ פינסטערע נאַכט | 2 „ |
| 5) | *** דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזם | 4 „ |
| 6) | דוד פינסקי. פאַמיליע צבי | 12 „ |
| 7) | יושקעוויטש. וועגען וואַהלרעכט | 7 „ |
| 8) | ק. קאַוטסקי. ערפורטער פראָגראַם. אין 6 העפטען, יעדעס העפט 5 קאָפּ. דאָס גאַנצע בוך | 30 „ |
| 9) | שיפעל. די עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע | 5 „ |
| 10) | פאָל עזי. צדקה | 2 „ |
| 11) | פאָל לאַפאַרג. די רעליגיאָן פון קאַפּיטאַל | 10 „ |
| 12) | ק. קאַוטסקי. קאָנסום־פעראיינען | 6 „ |
| 13) | פ. לאַסאַל. מאַכט און רעכט. (עיקר פון קאָנסטיטוציע) | 6 „ |
| 14) | די אַרבייטער און די געזעלשאַפטליכע קלאַסען. (אַרבייטער פראָגראַם) | 8 „ |
| 15) | ק. קאַוטסקי. פרידריך ענגעלס, (ביאָגראַפיע) | 10 „ |
| 16) | *** די מעשה פון פיער ברידער | 10 „ |
| 17) | דוד פינסקי. היינטיגע יונגע לייט | 1 „ |
| 18) | ק. קאַוטסקי. די סאָציאַלע איבערקעהרעניש | 15 „ |
| 19) | אַרנו. די קרבנות פון דער קאָמונע | 3 „ |


Iushkevich
Der hunger

סעמיאָן יושקעוויטש.

# דער הונגער.

אַ דראַמע אין פיער אַקטען.


פערלאַג „די וועלט“.


פון רוסישען איבערגעזעצט

אַלגין.


דרוק „הצפירה“, ווארשא, מאריאנסקא 2.

תרס"ו.

ГОЛОДЪ. ЮШКЕВИЧА.

*ВАРШАВА, 1906.*

Типографія „Гацефира“, Марьянская, 2.

## פערזאָנען:

כונה. אַרבייט אויף אַ צוקער-פֿאַבריק. 40 יאָהר אַלט.
נחמה. זיין ווייב. 33 יאָהר.
מירה. איהר שוועסטער. 20 יאָהר. אַרבייט אויף אַ טאַבאַק-פֿאַבריק.
דוד. זייער ברודער. אַ לעהר-אינגעל ביי אַ שוסטער. 16 יאָהר.
בעטקע. אַ הויך מאָגער מיידעלע. 14 יאָהר.

הערשעלע. 7 יאָהר
נחמ'לע. 5 יאָהר
פייוועלע. 2 חדשים
} נחמה'ס קינדער.

שם. נחמה'ס פֿעטער. אַ וועכטער. 60 יאָהר.
בערמאַן. אַ טענדלער. 50 יאָהר.
} וואָהנען ביי נחמה'ן.

גבאי. אַרבייט אויף אַ מעבעל-פֿאַבריק. 25 יאָהר.
שמעון. אַ זאַגאָטאָווישטשיק. 27 יאָהר.
קונה. אַרבייט אין אַ מיהל. אַ טשאַכאָטאָטשניק. 40 יאָהר.
פערקע. זיין ווייב. 35 יאָהר.
קונה'ס קינדער. קאַליקעס.
אָסנת. אַ בעטלערין. 50 יאָהר.
הערשעל. אַ צידולטער.

ערשטע בעטלערין
צווייטע בעטלערין
דריטע בעטלערין
} אַלטע ווייבער.

שכנים, שכנות, אַרבייטער, קינדער.

עס קומט פֿאָר אין אַ גרויסער שטאָדט.

296.025
In7h



P 23768

## ערשטער אקט.

א ברייטער, ניט-ברוקירטער הויף. ביי די זייטען לאנגע איינשטאקיגע שטיבלעך, אלטינקע, גידערטשקע, נעבען איינציגע דירות, ביי'ן טיר, טרינקען די געזינדען טהיי, זיצענדיג ארום קליינע טישלעך. נעבען אנדערע טירען זיצען אויף די טרעפ אלטע אידען און אלטע ווייבער, קאליקעס-בעטלער, און ווארמען זיך אויף דער זון. ביי דער הינטערשטער זייט סצענע — א טויער צווישען צוויי שטיבלעך, וועלכע געהען ארויס צום גאס. רעכטס, אין ווינקעל צווישען צוויי שטיבלעך, פון וועלכע איינס שטעהט אין הויף און דאס אנדערע געהט ארויס צום גאס, איז אנגעשטעלט פוה-[illegible], [illegible]. אין דעמזעלביגען [illegible] שפילען זיך בארוויסע און אבגעריסענע קינדערלעך פונ'ם הויף. לינקס — א פרייער פלאץ, וואו עס שטעהט דער וואסער-פלומפ. אהער קומען ווייבער מיט עמער, מאנסבילען נעהמען וואסער פאר [illegible] פערד. פון דער ווייטענס זעהט זיך דייטליך די שטאדט, א קירכע רעכטס און אנטקעגען דער שפיץ פונ'ם טעאטער, וועלכער איז פערשטעלט מיט הייזער. אין טויער געהען כסדר אריין און ארויס די איינוואהנער פון דעם הויז. אין הויף איז א גערודערי, א גערויש פון שמועסען, א טומעל, קינדער וויינען, ערטערווייז לאכט מען, שכנות זידלען זיך.

א הייסער תמוז-טאג. 5 א זייגער פארנאכט. מירה שטעהט רעכטס ביי איהר דירה און רעדט מיט נחמה'ן. נחמה האלט אויף די הענד פעוועלען און טרינקט טהיי. בעטקע האט זיך אראבגעזעצט אויף די קניע און קיצעלט דאס קינד. די איבריגע נחמה'ס קינדער שפילען זיך אין הויף.

פון דער דירה לינקס געהט ארויס פערקע מיט א'עמער אין די הענד. א הויקערדיג אינגעלע געהט איהר נאך.

דאס אינגעלע (דערקוטשענדיג). גיב מיר, גיב מיר!

פערקע. געה צום שווארצען יאהר! געה! סט'ניט אוועק געהן פון מיר? (זי מאכט אויף איהם מיט'ן האנד).

דאס אינגעלע. כ'וויל, כ'וויל! (וויינט).

פערקע (שרייט). אט א לעבען! נא, נעהם! (גיט איהם דעם עמער). נאר געדענק זשע: סט'צעברעכען, וועל איך דיך דער'הרג'נען! (זי געהט אוועק).

מירה (צו נחמה'ן). עס דערגעהט מיר אמאל אזוי אז איך וויל אנטלויפען פון דיינע שמועסען. נו, בין איך געבליבען אהן ארבייט! וועל איך ניט מאכען פאפיראסען אויף דער פאבריקע — פערשאלטען זאל זי ווערען. נו, איז בעטקע אויך געבליבען אהן ארבייט. און אט זיי אלע זענען געבליבען אהן ארבייט. (ווייזט אויף די שכנים, וואס זיצען אין הויף). שוין געוועהנט דערצו! נאר רעד ניט וועגען דעם.

נחמה (צו בעטקע'ן). מוטשע איהם ניט, בעטקע... געה אוועק.

מירה. אוועקפליהען ווילט זיך מיר אמאל. אלץ וועגען איינס, אלץ וועגען דר'ערד, אלץ וועגען שטויב. ווי דער פעטער זאגט. (זי האט זיך צולאכט).

נחמה (אומעטיג). איך וואלט געוואלט רעדען די בעסטע ווערטער... די טייערסטע! בעטקע, שטעה ניט פאר די אויגען!

בעטקע. כ'וויל איהם א קוש טהאן. גיב מיר איהם. מאמע. (נעהמט ביי נחמה'ן דאס קינד און הויבט עס אן אויפהויבען אין דער הויך, קושען).

מירה. וואסערע? (זי געהט אראב פון דעם טרעפל און ווענדט זיך מיט'ן פנים צור שטאדט).

נחמה. איך האב זיי שוין ניט, מירה... שוין פערגעסען! (פערטראכט) אמאל האב איך אלצדינג געוואוסט, אזוי ווי דו! אמאל! עפעס האט געשיינט פון דער ווייטענס... און די גשמ-

פלעגט פליהען אין הימעל אַרײַן. (זי לאָזט אַראָב דעם קאָפּ). די צײַט איז אַוועק, אױסגעװײַנט האָב איך מיר די אױגען מײַנע!..

מירה. אױסגעװײַנט! (זי פערשטאָפּט פּלוצים די אױערן מיט איהרע הענד). וואָס שרײַען זײַ אַזױ!

נחמה. אין אַ שלעכטען טאָג בין איך געבוירען געוואָרען.

מירה. דו ביסט נאָך אַ קלײנינקע געוועזען. אַז מ'האָט מיך בעגראָבען אין דר'ערד אָט אַזױ... טיעף.

מירה. פאַר וואָס ס'טו זיך ניט געראַנגעלט, אַזױ ווי איך

נחמה. מיט וועמען? מיט'ן טאַטען, מיט דער מאַמען. אפשר מיט די ווענד? איך פלעג דעם קאָפּ אַראָבלאָזען, מיט'ן פנים צו דער ערד פלעג איך פאַלען — ס'האָט ניט געהאָלפען כ'האָב חתונה געהאַט פאַר מונה'ן. יאָ, פאַר מונה'ן.

מירה. רעד ניט!

נחמה. איך גיב אַ מאָל אַ טראַכט, אַז איך האָב חתונה געהאַט פאַר מונה'ן, און ס'גלויבט זיך מיר ניט. איז דאָס טאַק אַנ'אמת? נחמה — מונה'ס ווײַב? נחמה! זי האָט בײַ זיך גע'פועל'ט (מאַכט מיט'ן האַנד. אומעטיג). דאָס גאַנצע לעבען מײַנס האָב איך געהאָרעוועט, אויפ'ן טאַטען, אויף דער מאַמע'ן, ביז איך האָב זײַ ניט בעגראָבען, נאָכדעם אויף דיר, אויף דוד'ן, נאָכדעם אײַ געגנע קינדער, מונה... און וואָס וויל איך דען? אײן מינוט, נאָר אײן מינוט. חאַפּען דעם אָטעם אָט אַזױ און זאָגען: אַ דאַנקען גאָט! איז דאָס אויך ניטאָ! ניטאָ דאָס... (צו דער טאָכטער). בעטקע, סט'איהם אַראָבוואַרפען.

בעטקע. נײן, מאַמע! עפּעס רײַבט ער די אויגעלעך מיט'ן הענטעלע. ס'דאַרף איהם אָבבאָדען. (לויפט מיט איהם אַרום)

מירה. אַ רחמנות אויף דיר. נחמה. עס פערקלעמט מיר דאָס הארץ פאַר רחמנות. און, פונדעסטוועגען אַז איך הער אָט די שמועסען, צי אין דער היים, צי בײַ די שכנים — וואו איך זאָל זײַ ניט הערען — טהוט מיר וועה. עפּיס אַקוראַט ווי די פליגעל מײַנע ווערען אַראָבגעלאָזט, און איך פיהל זײַ אָט אַזױ. (מאַכט אַ בעוועגונג). שעהנע ווערטער, נאָר שעהנע, גוטע ווערטער וויל איך, נחמה! איך וויל! אָט האָב איך הײַנט עפּעס איבערגעלײענט אין אַ ביכעל, האָב איך געוואָלט לאַכען און טאַנצען פאַר פרײד, איך האָב עס געזאָגט הויך, אויף אַ קול, און די נשמה מײַנע האָט געציטערט. איך האָב ליעב עפּעס, נאָר וואָס — ווײס איך ניט,



און טרויעריג איז מיר, — אַרומנעהמען וויל איך עמיצען מיט אַ קראַספהאַפּטען כח.

נחמה. ביזט אַ מאָדנע מײדעל, מירה. איך בין געוועזען ניט אַזױ.

מירה. ס'קען זײַן, ס'קען זײַן...

נחמה. דאָס איז פון די ביכלעך. זײ האָבען דיר פערדרעהט דעם קאָפּ.

מירה. נאָך ניט אינגאַנצען. מײַנע אויגען! מיר איז ליבּ־מיג אין די אויגען. (זי האָט זיך צולאַכט). אָט געהט הערשעל. (אין טויער בעווײַזט זיך הערשעל דער צודולטער, אָנגעטהאָן אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, אין אַנ'אַלטען צוקנײטשטען צילינדער־הוט און אין פּאָסטאַלעס, ער טענצעלט אונטער, געהענדיג. קינדערלעך לויפען איהם נאָך, אײניגע צופּען איהם פון הינטען. מען שרײַט. הערשעל געהט אַוועק אויף לינקס).

בעטקע. הערשעל דער משוגע'נער! (זי איז אַוועק נאָך איהם).

נחמה. נו, און לעבען?

מירה. וואָס — לעבען?

נחמה. איך מײן דאָס שמעונ'ען.

מירה. ער איז ניט קײן שעהנער. (פון אַ שטיבעל בעווײַזט זיך הערשעל). הערשעל, הערשעל! (זי רופט איהם מיט'ן האַנד).

הערשעל. (לאַכט און שרײַט). כ'וועל קומען! (ער לאַכט און טענצעלט אונטער. געהט אַרײַן אין עמיצענס אַ דירה).

נחמה. (פערוואונדערט). שמעון ניט קײן שעהנער? ס'ערשטע מאָל הער איך דאָס פון דיר.

מירה. אַה, נחמה!.. די נשמה זײַנע מײן איך. אַ נשמה האָט ער צו אַ פּשוט'ע.

נחמה. דערפאַר אָבער וועט ער דיך פאָלגען, וואָס דו וועסט הײסען. ער וועט דיך ניט בויגען צו דער ערד.

מירה. איך דאַרף ניט מען זאָל מיך פאָלגען. (זי האָט זיך צולאַכט). נײן, כ'דאַרף יאָ!

נחמה. טאָ צוגעה זשע זיך מיט איהם. (מיט היץ). איך

מירה, פֿלעג שטענדיג שפּילען אַנ'אָפּענע שפּיל. גלײַך פֿלעג איך געהן

מירה. צוגעהן זיך וויל איך אויך ניט. פֿאַר וואָס? איך ווייס ניט, נאָר איך וויל ניט. זאָל ער געהן... ניין, ס'איז מיר אַלץ איינס, זאָל ער ניט געהן. כ'האָב איהם דען צוגעבונדען? (פּלוצים אָפּענהערציג) עפּעס געפֿעהלט עס מיר זעהר, נחמה. כ'טהו אַ רוף: „שמעון, שמעון!" — און ער איז שוין דאָ. מען זיצט אויפ'ן פֿאַבריק, מען מאַכט פּאַפּיראָסען, ס'איז נודנע און שווער אויפ'ן האַרצען. און פּלוצים דערמאָנסטו זיך: שמעון טראַכט פֿון דיר. שמעון מוטשעט זיך איבער דיר...

נחמה. נו, און גבאי?

מירה. גבאי? (פֿערטראַכט). פֿאַר וואָס איז דאָס, נחמה אַז איך הער זיינע ווערטער, ווערט מיר פֿרעהליך און ס'פֿערקלעמט פֿאַרן האַרצען. כ'וואָלט וועלען וויסען — פֿאַר וואס איז דאָס? דו ווייסט ניט, נחמה?

נחמה. (אונרוהיג). ער געפֿעהלט דיר?

מירה. ס'איז ניט דאָס ריכטיגע וואָרט... ס טרעפֿט אַ מאָל: כ'ציטער אָט אַזוי, — פּלוצים ווילט זיך מיר אין פֿייער אַרײַנוואַרפֿען... ס'טרעפֿט אַמאָל: איך פֿיהל — אָט אָט שרײַ איך אויס און ענטלויף. ניין, כ'ווייס ניט, וואָס דאָס איז.

נחמה. ס'טהוט מיר שוין באַנק, וואָס כ'האָב איהם פֿערדונגען אַ ווינקעל.

מירה. מיר אויך... אַ מאָל.

בעטקע. (געקומען צו לויפֿען). ווען וועלען מיר באָדע פֿײַוועלען?

מירה. געה. ברענג הייסע וואַסער. (בעטקע גיט איהר אָב דאָס קינד און לויפֿט אין שטוב אַרײַן).

מירה. כ'וועל געהן קאָנטשען די אַרבייט. אַלץ בעסער ווי אויפ'ן פֿאַבריק. (פֿערקע געהט צוריק. זי האָט זיך אײַנגעבויגען אונטער דער משא פֿון אַנ'עמער מיט וואַסער. זי האָט אַוועק געשטעלט דעם עמער בײַ'ן טיר פֿון איהר דירה).

נחמה. בעטראַכט זיך, מירה, מכה שמעונ'ען. ביזט אַלט 20 יאָהר.

מירה. (שטעהענדיג אין טיר). אַך, נחמה, נחמה!

נחמה. וואָס — נחמה? איך פֿרעג דיך: און דאָס לעבען? פֿונ'ם לעבען וואוהין וועסטו זיך בעהאַלטען?



מירה. דאָס לעבען! אײַננעהמען דאַרף מען עס, נחמה! אײַנבאָרען עס, אַרויפֿזעצען זיך אויף דעם און שמײַסען עס מיט דער בײַטש... דאַן וועט עס געהן! (זי האָט אַ לאַך געטהאָן און איז אַוועק אין שטוב אַרײַן. נחמה קנייטשט מיט די פּלייצעס. בעטקע איז אַרויס־געשפּרונגען מיט אַ קענדעל און ווי אַ פֿײַל פֿון בויגען זיך אַ לאָז געטהאָן צום טויער).

פֿערקע. (געהט צו צו נחמה'ן). זי לאַכט מירה? און איך זעה גאָר ניט, וואָס איז היינט די שמחה אַזוי גרויס כאָטש הרג'ע'ט מיך, — איך זעה ניט. פֿאַבריקען — אויס פֿאַבריקען. פֿערדינסטען — אויס פֿערדינסטען! דער עולם אַ דערשלאָגענער! איך וואָלט איהר געזאָגט: האַלט אײַן דאָס מויל. (ס'הערט זיך אַ קינדערש געוויין, זי הערט זיך צו). מ'האָט נאָר וואָס עכאַפּט אַ גנב אויפ'ן גאַס. איהר וואָלט קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז ס'אַ גנב. ער איז געגאַנגען אַ פֿערוויינטער און האָט זיך געקלאָגט: „כ'האָב פֿאַר הונגער גע'גנב'ט. פֿאַר וואָס שלאָגט איהר מיך? וואָס האָט איהר צו מיר?" פֿאַר הונגער! ווייטער מײַן קאַליקע אַ פּסק געגעבען. אויסגעריסען זאָלען זיי ווערען, רבונו של עולם! (זי איז אַוועק־עלאָפֿען אויפ'ן עק הויף, נעהאַפּט עפּעס אַ אינגעלע. און איהם אָנגעקלאַפּט. אויפ'ן אינגעל'ס געשריי איז געקומען צו לויפֿען אַ אידענע. זיי האָבען זיך ביידע צוקריגט. בעטקע געהט צוריק מיט'ן קענדעל און איז אַרײַן אין שטוב).

נחמה. (טרינקט טהיי. צו בעטקען). וואַש אויס דעם מולטער.

בעטקע. באַלד, מאַמעניו.

פֿערקע. (זי האָט זיך שוין אומגעקעהרט) אַזוינע פֿערשאָלטענע מענשען איז נאָך ניט געווען אין דעם הויף. צעהן יאָהר וואָהן איך דאָ, און אַזוינע האָב איך נאָך ניט געזעהען. (זי זעצט זיך נעבען נחמה'ן. בעטקע בעווייזט זיך אויפ'ן שוועל און גיסט אויס דאָס וואַסער פֿונ'ם מולטער).

פֿערקע. איהר ווילט איהם באָדען? נשמה מיינע, ס'אַ גליקליכע איהר זענט, וואָס איהר קענט נאָך אין זין האָבען אַזוינע אַכען. מיינע קינדער האָבען שוין מעהר פֿון אַ יאָהר קיין וואַרעם וואַסער ניט געזעהען.

נחמה. דאָס קינד איז דאָך סך־הכל 2 חדשים אַלט...

פֿערקע. און אַז צוויי איז וואָס? איך קוק אויף אײַך און

טראַכט מיר: זי האָט נאָך אַזוינע נאַרישקייטען אין קאָפּ. זי פֿערשעהמט זיך נאָך מיט אַזוינע פּוסטע זאַכען...

נחמה. אַז ער איז שוין געבוירען געוואָרען... דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך אויף איהם ניט שטאַרק אַרויסגעקוקט. כ'האָב דאָס טאַקי בפירוש ניט געוואָלט. די ערשטע טעג האָב איך אויף איהם ניט געקענט קוקען פֿאַר כעס. און איצט האָב איך איהם ליעב... יאָ, ליעב! עפּעס מיט די פּיצעלעך ווערט מען אַליין יונגער, — שטילער ווערט מען.

פערקע. אַ גרויס גליק, מ'שטיינס געזאָגט.

נחמה. וואָס זשע זאָל איך טהאָן? אַ זייטיגען מענשען איז גוט צו לאַכען. גאָט איז אַן עדות, אַז איך האָב דאָס ניט געוואָלט. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפֿען. דאַכט זיך גענוג שוין פֿון מיינעט וועגען. אין אַ משך פֿון צוועלף יאָהר נײַן קינדער געבוירען, פֿיער בעגראָבען — ניט קיין ביסעל טרערען פֿערגאָסען. אַ נו, פּרובט אָבער, פֿרעגט מלכה'ן, צו וואָס דאַרפֿען מיר קינדער, וועט איהר הערען אַ תשובה!

פערקע. די מאַנסבילען זענען חזירים... זיי דאַרפֿען גאָר ניט, אַחוץ דעם! כ'קען זיי גוט. מיין טשאַכאָטאָטשניק האָב איך אָבער טאַקי אויסגעלערנט. ער טאָר אפילו ניט אַ פּיפּס טהאָן וועגען דעם. ברויט, ברויט, ברויט, — אָט וואָס ער דאַרף אין זין האָבען.

נחמה. כ'בין אייך מקנא.

פערקע. איך זינג איהם כסדר: ברויט, ברויט, — און ער זינגט מיר נאָך: „ברויט, ברויט".

נחמה. און אַ געבראָכען האַרץ, — אַז זיי שטאַרבען? און דער עגמת-נפש? פֿיער לעבענס האָבען זיי צוגענומען ביי מיר, פֿיער געזונדען... (הערשעל בעוויזט זיך אין הויף. די קינדער בעפֿאַלען איהם. ער ברומט).

הערשעל. איך וועל אייך געבען, אָ-האָ-האָ! כ'וועל אייך אויפֿעסען מיט ברויט! (ער טהוט זיך אַ לאָז אויף די קינדער. יענע ענטלויפֿען מיט אַ געשריי. ער יאָגט זיך נאָך זיי).

פערקע. ווייטער אַמאָל האָט זיך הערשעל בעוויזען אין די מקומות. ס'ניט קיין גוטער סימן.

נחמה (פֿינסטער). איך האָב איהם ניט ליעב, למאַי זאָל איך אייך זאָגען.



בעטקע (געהט אַרויס אויפֿ'ן שוועל). די וואַסער איז פֿאַרטיג.

נחמה. תיכף געה איך. (אין טויער געהט אַריין די בעטלערין — אָסנת, מיט אַ שטעקען אין האַנד. זי רוקט זיך פּאַמעהליך. דער קאָפּ איהרער שאָקעלט זיך).

פערקע. אָט געהט אָסנת — אויך אַ גליקליכער נפש'. זיצט אַביסעל, וועלען מיר הערען, וואָס ס'טהוט זיך אין שטאָדט. (זי הויבט זיך אויף). באָבע אָסנת! באָבע אָסנת! קומט נאָר אַהער. (די אַלטע נעהמט זיך געהן צו זיי). גאָט העלף אייך, באָבעניו! איהר ט'געבראַכט עפּיס?

אָסנת. וואָס האָב איך געבראַכט, טאָכטער מיינע, חי-חי. כ'האָב גאָר ניט געבראַכט! חי-חי-חי! שלעכט אויף דער וועלט, שלעכט ביז'ן עק אַריין! נאָך קיינמאָל אַזוי שלעכט ניט געוועזען. חי-חי! (זי טרייסעלט מיט'ן קאָפּ און כאַפּט דעם אָטעם). מ'בלייבט אָהן פּיס, אָהן געזונד בלייבט מען, און ברייגגען ברייגגט מען — אָט וואָס. (זי ווייזט קופּערנע מטבעות). אָרימע לייט הייַנטיגס יאָהר ווי פֿליגען אים זומער. איך קלער מיר נאָר: פֿון וואַנען נעהמען זיי זיך אַזוי פֿיל, חי-חי...

נחמה (שטיל). כ'וואָלט אַ בעלן געוועזען וויסען — וואָס לאַכט זי?.. איך האָב אַלץ עפּיס מורא די איצטיגע צייט. כ'הער אַ וואָרט, כאַפּ איך עס באַלד אויף. אפשר פֿון דאַנען געהט דער אומגליק? עפּיס היט אונז עמיצער! — עמיצער...

אָסנת. ס'איז שוין הייַנט אַזאַ יאָהר. אָך, איך זעה אָט דאָס יאָהר, חי-חי! ס'נאָך אַזאַ יאָהר ניט געוועזען! פֿרעגט מיך, — איך ווייס אַלצדינג. חי-חי!

פערקע (דערשראָקען). וואָס רעדט איהר, אָסנת? דערצעהלט עפּיס אַ פֿרעהליכערס.

אָסנת. נאָך ניט געקויפֿט קיין פֿרעהליכס, טאָכטער מיינע, און קיינער פֿערקויפֿט עס ניט. און בעט מיט טרערען, וועסטו עס אויך ניט אויסבעטען, חי-חי! איך געה איבער די גאַסען און זעה לאַנגע מענשען... שווייגענדיגע מענשען! איך קען אָבער גוט זייער האַרץ...

נחמה. טרינקט אַ גלאָז טהיי, באָבע.

אָסנת. כ'וועל טאַקי אויסטרינקען, טייערע מיינע. (זעצט זיך אויפֿ'ן שוועל און קען דעם אָטעם ניט כאַפּען). אָט מיט וואַסער

אַ האַרץ מע געהט אַרום. פֿאַר אַ גראָשען דראַפּעט מען זיך אויף די טרעפּ אַרויף און אַראָב, אויף אַלע פֿיער קריכט מען. און לסוף לאָזט זיך אויס, אַז דו בעקומסט אַ גראָשען אויך ניט. אָט אַזוינע מענשען איז דאָ אויף דער וועלט. שטעהסט בײַ דער טיר שטעהסט, חי־חי, חי־חי !.. (זי טרײַסעלט מיט'ן קאָפּ). אַי, אַי, איך האָב זיך שוין אָנגעגעסען מיט'ן לעבען: אי אָנבײַסען, אי וואַרעמעס, אי וועטשערע געגעסען—אַלץ פֿון דעם אײַגענעם מאכל, שוין זאַט, גענוג שוין פֿאַר מיר! כ'וואָלט געגאַנגען אין הֶקְדֵשׁ, איז ווער־זשע וועט מײַן אַלמנה די קאַליקע האָדעווען? ווער וועט מײַן אײַניקעל שפּײַזען? ניין, נחמה'ניו, קיין צוקער וויל איך ניט. בײַ פֿרעמדע טרינק איך אָהן צוקער. צו וואָס זאָל איך יענעם בדלות שטעלען?

נחמה. זעהט איהר, פּערקע... ס'האַרץ ווערט פֿערשטײַנערט! און נאָר, אַז איך טהו אַ קוק אַהין ... (ווײַזט אויפ'ן שטאָדט) די גאַל קאָכט אין מיר, אַז איך טהו אַהין אַ קוק ... איהר זעהט אָט די פֿערשאָלטענע הײַזער? שעהן זענען זיי, און איך זעה אויף זיי אונזער בלוט.

פּערקע. דאָס לאָזט שוין צורוה.

נחמה. (שעפּצעט מיט שרעק). כ'געה אַמאָל אַרויס בײַ נאַכט. כ'שטעה און קוק ... און ס'דאַכט זיך מיר, אַז פֿון דאָרטען! פֿון אָט דעם פֿערשאָלטענעם אָרט, ציהען זיך הענד אַהער צו, — לאַנגע הענד מיט שפּיציגע נעגעל, און ווילען צונעהמען בײַ אונז אונזערע מאַנען, אונזערע קינדער, אונזער לעבען... און איך שטעה און שטעל איהר אַרויס מײַנע צײַהן, — און דאָס האַרץ גלויבט ניט!

פּערקע. (האָט אַ קוק געגעבען אויפ'ן שטאָדט). זאָגט אײַך וואָס איהר ווילט. — דאָרט איז מען ניט שולדיג. איהר זאָלט זיך מיט מיר גאָר ניט שפּאַרען. איהר און אײַער מונה האָט יִהֶר שטענדיג טענות צו דער שטאָדט. ס'שאַדט אונז עפּעס אַ סך, וואָס דאָרט עסט מען אויף גילדענע טעלער?

נחמה. זיי זויגען אויס אונזער בלוט און גיסען עס אַר אין זייערע אָדערען... אָט וואָס ס'שאַדט אונז.

בעטקע. (געהט אַרויס). סט'געהן, מאַמע?

(נחמה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געהט אַרײַן אין שטוב).

פּערקע. (שטיל. צו אָ ס נ ת'ן). אָנקוקען קען איך ניט אָט



די אידענע! איהר הערט אַ מעשה? זי האָט פֿײַנד די נגידים! זי! נחמה! דער מאַן איהרער האָט ליעב דעם ביטערען טראָפּען און אַרבײַט סך־הכל אויף אַ צוקער־פֿאַבריק, און זי האָט פֿײַנד די נגידים. וואָלט איהר נאָר אַ נגיד אַ וואונק געגעבען, וואָלט זי אויף אַלע פֿיער געקראָכען. אָט בײַ מיר דער מאַן איז אַ טשאַכאָטאָטשנע — און אַרבײַט אין מיהל מיט'ן בלוט און מיט'ן שווײַס, און איך רעד פֿונדעסטוועגען קיין קרום וואָרט ניט. איך ווײַס מיר מײַן אָרט.

אָסנת. איך ווײַס ניט, פּערקע, וואָס האָט איהר זיך אַזוי צובײַזערט, חי - חי...

פּערקע. שווײַגט, באָבעניו. איך בין גרײַט כורעים פֿאַלע פֿאַר דער שטאָדט, אויף די קניע זיך שטעלען פֿאַר איהר, ווער גיט אונז פּרנסה? די שטאָדט! ווער דאַרף אונזער אַרבײַט? די שטאָדט! דאָס פֿיהל איך... אפֿשר מײַנט איהר די שוועסטער איהרע איז בעסער פֿון איהר? טהוט אַ קוק אויף מײַן שוועסטער, וועט איהר זאָגען: אַ גאָלד, שטיל ווי אַ טויב. און מירה שפּילט זיך מיט שמעון'ען. אָט וואָס פֿאַר אַ מויד דאָס איז.

אָסנת. און איך האָב ליעב די מענשען, חי—חי, און איך פֿיהל צו זיי ניט קיין פֿײַנדשאַפֿט. כ'האָב ליעב אי גוטע, אי אַלער לײַאיגע, חי—חי! אַ מענש איז ווערטה, מען זאָל איהם ליעב האָבען. (פֿון עפּעס אַ דירה געהט אַרויס אַ דאַרע אידענע אין אַ פֿאַטשײַלקע, אויף קוליעס. דערזעהענדיג אָ ס נ ת'ן שרײַט זי שטיל).

די אידענע. מאַמע, וואָס סט'זיך דאָרט אַנידערגעזעצט? קום אַהײַם! (די אַלטע האָט זיך אויפֿגעהויבען. אין טויער געהן אַרײַן עטליכע אַרבײַטער. אײַנעם פֿון זיי, אַ מאָגערן מיט אַ שוואַרצער באָרד, בעגעגענען עטליכע אינגעלעך מיט אַ געשריי: „טאַטע, טאַטע“! ער געהט מיט זיי צו פּ ע ר ק ע'ס דירה).

פּערקע. (דערשראָקען, אַ פּאַטש געגעבען מיט די הענד). רבונו של עולם, ווער געהט דאָס? איך בין פֿון זינען אַראָב. ער האָט דאָך געדאַרפֿט נעכטיגען אין מיהל! יאָ, ס'איז מײַן טשאַכאָטאָטשניק. (זי לויפֿט צו צו איהם און שטעלט איהם אָב). וואָס ביזטו דאָס געקומען, קונה? וויאָס? מ'האָט בײַ אײַך אויך פֿאַנאַנדערגעלאָזט די מענשען? ווען? איצט? הײַנט?

קונה. איך האָב דאָך דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז די מיהל וועט אויפֿהערען אַרבײַטען.

פערקע. וואָס געזאָגט? בהמה! ווי קען דאָס אַ מיהל אויפֿהערען אַרבייטען? ווי? — פֿרעג איך דיך.

קונה. אויף מיין וואָרט, איך ווייס ניט, וואָס דו רעדסט, פערקע! (ער הוסט).

פערקע. וואָס ווייסטו ניט, וואָס? ט'זיך שוין פֿערהוסט! און די קינדער? און איך? מיר דאַרפֿען ניט עסען, וואָס? משוגע זענען זיי דאָרט געוואָרען אין מיהל, צו מטורף? ס'געהט דאָך אָסען־צייט, אַ שלים־מזל געהט דאָך אויף אונז... (אויף פערקע'ס געשריי געהען צו עטליכע שכנים. מען שטעהט, מען הערט זיך צו און מען שאָקעלט מיט די קעפּ. ביי איינינע טירען שמועסען אַרבייטער, שפּאַרען זיך מיט די ווייבער און מיט די שכנים).

קונה. טאַקי באַלד וועלען זיי דיר ענטפֿערן, יאָ. אָט יענע (ווייזט אויף די אַרבייטער) האָט מען אויך אָבגעזאָגט. געשטאַנען זענען מיר דאָרט... שטעה, קלאַפּ זיך קאָפּ אין וואַנד. שריי ניט אַזוי, איך בעט דיך, פערקע!

פערקע. ניט שרייען? מיין עסק, אַז זיי דאַרפֿען אָבשטעלען די מיהל? וואָס איז — וועגען אונז דאַרפֿען זיי גאָר ניט טראַכטען? שוויינ בעסער, קאַליקע, ענטפֿער מיר ניט.

(ס'בעווייזט זיך נחמה און מירה. מירה געהט צו צו פערקע'ן).

נחמה. שרייען וועט ניט העלפֿען.

פערקע. זייט איהר מיר אַנ'עדות. נחמה'ניו. איהר געדענקט, וואָס ס'איז געווען פֿאַר צוויי יאָהרען? ער האָט אויך געאַרבייט אין מיהל, און די מיהל איז פֿערברענט געוואָרען. אַ גאַנץ יאָהר זענען מיר געשטאָרבען פֿאַר הונגער. ביז מ'האָט זי אויסגעבויעט. און איצטער ווידער! קוקט איהם אָן, דעם מזל'דיגען תכשיט מיינעם!

די שכנה (פֿינסטער). וואָס איז ער שולדיג? עס געהט צו אָסען. וואו נעהמט מען איצט אַרבייט?

פערקע. זאָל ער געהן צו אַל־די שוואַרצע יאָהר! אין דר'ערד אַריין זאָל ער געהן!

קונה. כ'ווייס ניט, וואָס שרייסט, פערקע? כ'האָב זיך געאַרבייט, — געאַרבייט מיט די לעצטע כחות (הוסט). אַלע אין מיהל האָבען מיך ליעב געהאַט, פערקע, אויף מיינע נאָמנות!



פערקע. שווייג, דו טשאַכאָטקע.

קונה. פערקע, כ'בעט דיך. ס'אַ בושה פֿאַר לייטען!

נחמה. דאָס איז גאָר ניט, קונה, ס' מאַכט ניט אויס!.. (קונה הוסט).

פערקע. אוי, נחמה'ניו, נחמה'ניו!.. (וויינט). קיינער ווייסט ניט מיין ביטער האַרץ!

הערשעל. (קומט אָן און לאַכט). אַ ה אַ, חאַ־חאַ, אַ האַ!

די שכנה. געה צו אַל די רוחות, ימח־שמו'ניק! פֿון וואַנען האָסטו זיך גענומען?

הערשעל. פֿון דאָרטען! חאָ־חאָ! (שרייט) פֿון דאָרטען!

דער שכן. טרייבט איהם אַוועק. ער קומט שטענדיג פֿאַר אַנ'אומגליק.

די שכנה. אַוועק פֿון דאַנען, ניט־גוטער!

הערשעל. ווער ס'איז זאַט, איך וויל עסען! קיין ווייל איך ער האָט זיך צו ווינט. מען שטופּט איהם אָב. ער געהט און שרייט מיט אַ וויינענדיג קול). כ'וויל עסען!

פערקע (פֿערוויינט). לאָזט מיך צו קונה'ן, כ'וויל איהם פֿרעגען...

קונה. (געהט צו צו איהר) פערקע, פערקע! ס'איז דאָ פֿרעמדע מענשען, קום אין שטוב.

פערקע. וואָס וועל איך מיט דיר טהאָן אין שטוב, וואָס? (צו די שכנים). קוקט'זשע אָן אונזער ביין וואונדער! אַ מאַן אַ פגירה, קינדער פגירות, — און אָהן אַ גראָשען ביי דער נשמה! מאָרגען וועט אויסקומען געהן אין די הייזער.

די שכנה. (ווישט די אויגען). ס'וועט אונז אַלע אויסקומען.

דער שכן. אויסגעריסען זאָלען זיי ווערען.

נחמה. איך קען דאָס ניט הערען! אין די אויגען ווערט מיר פֿינסטער... קוקט'זשע זי אָן. (ווייזט אויף דער שטאָרט). אָט שטעהט זי, אונזער גזלנ'טע, אונזער אַלמעכטיגע בעל־הבית'טע, — און מיר דאָ וויינען! פֿאַר וואָס? ווער פּאַלגט בעסער פֿון אונז? אויף יועמעס פּלייצעס האַלט זי זיך מיט איהר גאַנצער משא? פֿאַר וואָס?

פערקע. וואָס טויג מיר איהר כח, אַז מיך האָט אַ דונער געטראָפֿען?

נחמה. אָט דאָס זאָג איך דאָך..

די שכנה. ווילדע חיות, אַ בראָך צו זיי. (פֿון נחמה'ס דירה גיעהט אַרויס שם מיט אַ סידור אין האַנד, — אַן אַלטער איד אַ הויכער, אַ בייגעריגער, מיט אַ לאַנגער, גראָהער באָרד).

פערקע. (אין שטאַרקען אימפּעט, צום מאַן). און פֿאַר'ן באָרד האָסטו איהם ניט געקענט אָננעהמען? און פֿאַר'ן גאָרגעל? און האָסט איהם ניט געקענט זאָגען: איהר זענט משוגע, גאַספּאַדין אופּראַווליאַיושטשי? איהר וועט פרעסען, און מיר וועלען הונגערען? איהר וועט זיך גלעטען די בייכלעך, און מיר וועלען אויסגעהן? לאָזט די מיהל, — תיכּף זאָלט איהר זי לאָזען! ס'ניט אונזער עסק! קריגט ערגעץ געלד, קריגט ווייץ און לאָזט די מיהל. אַז ניט וועלען מיר זי אויף שפּענדלעך צוטראָגען, מכּת-רצח וועלען מיר אייך אַלע הרג'נען!

קונה (דערשראָקען). גאָט איז מיט דיר, פערקע! וואָס סטו געזאָגט? דו פֿערשטעהסט דאָך אויך, וואָס יושר איז, אַבי נאָר דו ווילסט... זאָג אַליין, וואָס איז דאָ דער אופּראַוויאַיושטשי שולדיג? קום אין שטוב אַריין. (ער נעהמט זי פֿאַר'ן האַנד. זי לאָזט זיך ניט אַ ווייַלע, נאָכדעם געהט זי מיט איהם. די קינדער הינטער זיי).

דער שכן. זי האָט גערעדט, ווי אַ מענש.

די שכנה. אַז אָך און וועה איז איהר. בעטראַכט נאָר די קאַליקעס. (פערקע און קונה געהען אַריין מיט די קינדער אין שטוב).

אסנת. (טרייסעלט מיט'ן קאָפּ). און איך, קינדערלעך, האָב ליעב די וועלט, כ'האָב ליעב, חי-חי! די מענשען האָב איך ליעב. (זי געהט אַוועק מיט איהר טאָכטער דער קאַליקע. די שכנים צוגעהן זיך. נעבען די דורות שטעהען נאָך רעדלעך מענשען און שמועסען).

נחמה. (צו שם'ן). לאָמיר צוואַרטען אויף מונה'ן. וואָס פֿאַר אַ נייַעסען וועט ער עפּעס ברענגען, איך ציטער ממש... טהיי ווילט איהר?

שם (קוקט אין סדור). גיט מיר אָן אַ גלאָז. (מורה געהט אַריין אין שטוב און טראָגט אַרויס פֿון דאָרט אַ טישעל. אויפ'ן טישעל ליעגט אַ בערגעל טאַבאַק און גילזען).

מורה. די זון שוין געזעצט. כ'וויל אַרבייטען דאָ. נאָך



איין מאָה—בין איך פֿריי, בין איך אַ פֿויגעלע אין דער לופֿטען! (זי מאַכט פּאַפּיראָסען. שם טרינקט טהיי און קוקט צייטענווייז אַריין אין סדור. נחמה קוקט זיך אום אַלע ווייַלע, צי געהט ניט מונה. די קינדער שפּילען אין בלענדעניש. ס'הערט זיך אַ געוויין פֿון אַ מיידעלע. מירה הייבט אויף דעם קאָפּ און הערט זיך איין).

מירה. ראָזע שלאָגט ווייטער אַמאָל דאָס קינד. דו הערסט, נחמה? אַלע טאָג קאַטעוועט זי דאָס מיידעלע. פֿאַר וואָס? ס'אַראַ מענשען דאָס איז! וואָס האָט זי צום קינד, נעבעך? (שטעהט אויף). ראָזע, גענוג שוין, ראָזע, אי־ר הערט: גענוג, גענוג! (צו שם'ן) און דאָס זענען מיר מענשען? און דאָס לעבען מיר אויף דער וועלט? ווילדע חיות זענען מיר! (די געשרייען ווערען שטיל. אין טויער פֿאָהרט אַריין אַ וועגעלע, וואָס אַ מענש שלעפּט עס נאָך זיך. שם שטעהט אויף און הייבט אָן שפּאַנען איבער'ן הויף).

נחמה. וואָס זאָגט איהר עפּיס, פֿעטער, אויף דעם, וואָס ס'איז דאָ געוועזען?

שם. וואָס זאָל איך זאָגען.

נחמה. איך וואַרט שוין אויף מונה'ן, דאָס האַרץ פֿאַלט מיר אַרויס. ער וואָלט שוין לאַנג געדאַרפֿט זיין אין דער היים.

שם. מען דאַרף געהן אויף איין וועג, און ניט אויף צוויי. וואָס העלפֿט זיך מיאש זיין? ווער דאַרף עס דאָ? הויב אויף די אויגען אַרויף, וועסטו אַלצדינג דערזעהן, אויף אַלצדינג אַ תשובה בעקומען...

נחמה. זאָגט מיר עפּיס, פֿעטער, אַזאַ קלוגע טיעפֿע זאַך, אַז ס'זאָל טויגען ניט פֿאַר'ן הימעל, נאָר פֿאַר דער ערד, — אָט וואָס עס דאַרף אַ מענש. אָט וואָס עס גאַרט צו וויסען דעם מענשענס נשמה.

שם (מיט שפּאָט). ערד-זאַכען!.. איך גיה מיר מיין וועגס מיט אָט אָ דעם ספר (ער ווייזט אויפ'ן סדור), און ווייטער איז ניט מיין עסק. מענשען שרייען, מאַכען אַ גאַנצען וועזען פֿון שטויב, פֿון וועהטאָג, — איך הער ניט, איך הער ניט גאָר ניט. — איך גיה...

מירה. איהר האָט ניט קיין גוט האַרץ, פֿעטער.

שם. טאָ וואָס זשע דערצעהלסטו מיר פֿון מענשען?

נחמה. פֿון וואָס דען זאָל מען רעדען?

שם. אָט האָט מען דיר געגעבען אַ ספר...

נחמה. נו?

שם (פֿײַערליך). און אין איהם איז דאָ אַלצדינג ...

נחמה. און אַז יעדער אבר ציטערט פֿאַר פּחד? און אַז ס'זיצען פֿיער קינדער אויפֿ'ן קאַרק? איהר אַלײן זענט דען ניט קײן קבצן? איהר האָט דען קײנמאָל קײן נאָהענטע ניט געהאַט?

שם. איך האָב אַלע בעגראָבען.

נחמה. און איהר האָט ניט געשריען? ניט געקרעכצט?

שם. כ'האָב אין ספֿר אַרײַנגעקוקט.

נחמה. איהר זענט גאָר קײן מענש ניט... אַ שטײן זענט איהר.

שם. קינד מײַנס...

מירה (האַרציג). װי גוט, פֿעטער, עס קלינגט בײַ אײַך דאָס דאָזיגע װאָרט: קינד מײַנס! זאָגט עס נאָך אַ מאָל.

שם (צו נחמה'ן). קינד מײַנס, װאָס װיל דען פֿון אונז זײַן ליבער נאָמען? פֿאָלגען זאָל מען איהם, פֿאָלגען! בעטראַכט זײַ נאָר (ער װײַזט אויף די מענשען אין הויף). חזירים זעה איך אַרום און אַרום... אַ קװיטשען פֿון חזירים לאָזט זיך הערען!.. די הײליגע תּורה צוטראָטען מיט חזיר'שע פֿיס. קינד מײַנס, עס שטעהט אין פּסוק: אין שװײס פֿון דײַן פּנים װעסטו עסען דאָס ברויט דײַנס. פֿערשטעהסט דו דעם פּשט? װער קען זיך פֿיהלען גערעכט, אַז ער, דער אַלמעכטיגער, איז דאָ אויף דער װעלט? װער קען האָבען טענות, אַז ער האָט בעפֿאָהלען? אַזוי שטעהט געשריבען: אינ'ם שװײס פֿון דײַן פּנים, מיט צרות, מיט לײד... איך פֿרעג דיך: איז איהם דען גרינג צוצוזעהען, װי עס לײַדען זײַנע מענשען? ס'איז איהם גרינג, האַ? האָסטו אַ מאָל געטראַכט װעגען דעם, אַז ער אַלײן טרויערט? אָט האָסטו דיר שוין אַ טרײסט. שוין װײַבער געװאָרען דײַן האַרץ. איך לײד, ער, כּביכול, לײַדט אויך. ער האָט געגעבען די תּורה, בעשאַפֿען דאָס הײליגע װאָרט. ער לײַדט און ער שװײַגט. ער בעט ניט איבער, און לײַדט, שטילשװײַגענדיג, פֿאַר אונז, פֿאַר די מענשען. װאָס זשע שרײַען מיר אַזוי שטאַרק? אָט אַזוי איז אָבגעצאַמט, — אַזוי דאַרף מען געהן. געה און לײַד. װאָס בין איך, ציַ דו, צי פֿערקע, װאָס איז די גאַנצע װעלט, װאָס זענען אַלע אונזערע טרערען אַקעגען אײן זיפֿץ פֿון דעם װאָס לעבט אײביג? שטויב! הבל הבלים. עס פֿוילט די ערד פֿון דעם פֿוילעניש װאַקסט אָבער אויס אַ שעהנער גאָרטען. — דער גאָרטען פֿון זײַן ליבען נאָמען. לאָמיר װערען פֿערפֿוילט...



מירה. אַז איך װיל אָבער ניט...

נחמה (אויפֿגערעגט). װילט איהר, הײסט עס, איך זאָל אויף איהם רחמנות האָבען, און ניט ער אויף מיר, איך זאָל איהם ליעב האָבען, און ניט ער מיך? דאַרף ער, הײסט עס, פֿון מיר אַ גוט װאָרט הערען —, פֿון מיר, שװאַכער אידענע? ער דאַרף דאָס האָבען? ער פֿאַר מיר, פֿאַר אונז אַלע קען גאָר ניט טהאָן ניט מיט'ן האַרצען, ניט מיט דעם כּח זײַנעם? אומגליקליכע זענען מיר! פֿערשאָלטענע זענען מיר! עס פֿלאָנטערן זיך מיר די געדאַנקען, פֿעטער. כ'װיל שוין שװײַגען.

שם. קינד מײַנס, פֿרעג ניט קײן שאלות! שװײַג! אָט קרעכצט איהר און װײנט אי דו, אי די קינדער, איהר קרעכצט און איהר װײנט — שװײַג! געה און שװײַג!

מירה. און איך שװײַגען װעל ניט. פֿאַר קײן פֿאַל ניט, עפּיס פֿיהל איך, פֿעטער, עפּיס פֿלאַטערט אין מיר... (אין טויער קומען אַרײַן אַרבײטער. צװישען זײ גבאי און בערמאַן. בײדע שײדען זיך אָב פֿון די איבעריגע און געהען צו נחמה'ס דירה. בערמאַן איז אָנגעטהאָן הוילע לאַטעס. ער האַלט אין די הענד אַ פּאָר אַלטע קלײדער).

בערמאַן (שרײַט שטיל). אַלטע זאַכען, אַלטע זאַכען! אָט בין איך שוין אַהײם געקומען.

נחמה. איצט איז מיר גבאי ניט אין זין. (זי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן האַנד און איז אַװעק אין שטוב. פֿערקע געהט אַרויס און זעצט זיך אויפֿ'ן שװעל. מירה, בעת גבאי געהט צו. פֿערטיפֿט זיך אין דער אַרבײט און מאַכט זיך כּלומר'שט זי בעמערקט איהם ניט. שם דרעהט זיך אויס צו איהם מיט'ן רוקען. גבאי גריסט קײנעם ניט און געהט אַרײַן אין נחמה'ס דירה).

בערמאַן. גוטען אָבענד. אָח־אָי־אָי! הײם! (ער װישט מיט אַ קאָלירענדיג טיכעל דעם שװײס פֿונ'ם פּנים). גוטען אָבענד, שם!

מירה. גיטען אָבענד, בערמאַן.

שם. גוטען אָבענד, װאָס הערט זיך עפּיס?

בערמאַן. אָח־אָי־אָי! װאָס זאָל זיך הערען? טויטע געשעפֿטען. אײן פּאָר קאַלאָשען אײַנגעהאַנדעלט פֿאַר'ן גאַנצען טאָג.

שם. װעט איהר שוין ניט מורא האָבען פֿאַר קײן בלאָטע.

בּערמאַן. כ'האָבּ אַלײן אויך אַזוי געטראַכט. אָח־אָי־אָי! (עפּיס אַ שכנה פֿונ'ם לינקען שטיבּעל רעדט, ניט אויפֿשטעהענדיג פֿון איהר אָרט).

די שְׁכֵנָה. וואָס רעדט מען עפּיס אין שטאָדט, בּערמאַן?

בּערמאַן. ווער רעדט, אַחוץ די גבירים? מען זיפֿצט אָט אַזוי: אָח־אָי־אָי! (עס געהט אַרויס גבּאַי. אין די הענד האַלט ער אַ בּיכעל).

גבּאַי. נו, גוטען אָבענד! ס'ווילט זיך מיר טהיי. (ער טאַפּט דאָס קענדעל. צו מירה'ן) מ'קען נעהמען דאָס קענדעל? (מירה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ניט אויפֿהויבּענדיג די אויגען. גבּאַי פֿײַפֿט זיך צו. ער גיסט אויס דאָס וואַסער פֿונ'ם קענדעל און קלויבּט זיך געהן פֿערקאָכען טהיי).

בּערמאַן. גיעט אַהער, איך וועל געהן.

גבּאַי. זעהר גוט, בּערמאַן! קױפֿט בּרויט אויך. אַז לעבען איז געלעבּט. (בּערמאַן האָט גענומען דאָס קענדעל און דאָס געלד און איז אַוועקגעגאַנגען. גבּאַי זעצט זיך בּײַ'ם שוועל, בּלעטערט דאָס בּיכעל און מאַכט מיט'ן קאָפּ).

מירה. (ניט אויפֿהויבּענדיג דעם קאָפּ). איהר זענט הײַנט פֿרעהליך...

גבּאַי. ניט אַזוי שטאַרק... כ'וועל בּאַלד בּלײַבּען אָהן אַרבּײַט. (ווענדט זיך צו שם'ן). וואָס מאַכט איהר עפּיס, שם?

שם. (קוקט אין סדור, אָנגעבּרוגז'ט). ניט דײַן עסק...

גבּאַי. אַ שעהנע מעשה, וועמעס דען? לעבּט איהר, שם, — דאַרפֿט איהר אָבּגעבּען חֶשבּון. (מירה לאַכט).

שם. וועמען, דיר?

גבּאַי. פֿערשטעהט זיך. וועמען דען?

שם. מיט אַ שטעקען איבּער'ן קאָפּ וועל איך דיר געבּען, אָט וואָס.

גבּאַי. פּרובּט, אַדרבּא. (ס'געהט אַרײַן בּעטקע).

שם. כ'וועל טאַקי פּרובּען אויך. מײַנסט כ'וועל קוקען אויף דיר, וואָס דו האָסט אַ פּאָר לאַנגע וואָנסען בּעקומען?

גבּאַי. ס'איז דאָ אַזאַ לידעלע: מיר וועלען געבּען צוריק.

מירה. (אײַנגעהאַלטען) לאָזט צורוה דעם פֿעטער, גבּאַי...

גבּאַי אָ, בּעטקע! שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. קום נאָר אַהער. (ער



האָט זי אַנידערגעזעצט בּײַ זיך אויף די קניע). נו, וואָס הערט זיך? פּאַסקודנע?

בּעטקע. (צנועה'דיג). יאָ, איך זיץ אַלץ אָהן אַרבּײַט.

גבּאַי. נו, לאָמיר זינגען אַ לידעלע. (זינגט). „אוי, אַברהם, איך קען אָהן דיר ניט זײַן, — איך אָהן דיר און דו אָהן מיר — אַזוי ווי אַ קלאַמקע אָהן אַ טיר“.

בּעטקע. (זאָגט נאָך): אוי אַברהם, איך קען אָהן דיר ניט זײַן...

גבּאַי. מאָלאָדיעץ, בּעטקע.

בּעטקע. (ניט הויך, אַרומגענומען גבּאַי'ן). כ'האָבּ אײַך אַזוי ליעבּ. ווי אַזוי הײַסט איהר, גבּאַי! שוין אַ חודש, אַז איהר וואָהנט דאָ, און מיר ווייסען נאָך ניט ווי אַזוי איהר הײַסט.

גבּאַי. (לאַכט) איך הײַס: אַשמדאַי. (מירה האָט זיך צולאַכט).

בּעטקע. ס'אַ ליגען, ס'אַ ליגען...

גבּאַי. נו, גוט. איך ווייס אַלײן ניט, ווי אַזוי איך הײַס. כ'ווייס ניט. לאָמיר זינגען. (זינגט) „געדענקסטו, געדענקסטו אויפֿ'ן טויער, האָבּ איך דיר געזאָגט אַ סוד אין אויער: אוי, וועה ריסעלע, גיבּ מיר דאָס פּיסקעלע“.

שם (מיט כעס). וואָס איז פֿאַר אַנ'אַרבּײַט: אַ תל מאַכען פֿונ'ם קינד.

גבּאַי. גיעט אַ קוק אין סדור. דאָרטען שטעהט, אַז ס'ניט אײַער עסק.

שם. עס שטעהט: מען טאָר ניט מאַכען אויסגעלאַסען אַ קינד.

גבּאַי. (צו בּערמאַנ'ען, וועלכער איז צוריק געקומען). אַ דאַנק אײַך בּערמאַן. זעהר גוט בּרויט. (ער גיסט אָן טהיי זיך און בּערמאַנ'ען). נו, וואָס שטעהט דאָרטען, שם, זאָגט נאָר נאָך אַ מאָל.

שם. געזאָלט הערען.

גבּאַי. כ'וויל ניט הערען אײַערע דינים. מירה, ווער איז נאָך מְקַיֵם זײַנע דינים?

מירה. פֿאַר הײַליגע סְפָרים האָבּ איך אָבּשײַ.

גבּאַי. אָט וועלען מיר אָנשרײַבּען אַ נײַע תורה, וועלען אַלע פֿאָלגען. אפילו שם וועט מוזען נאָכטאַנצען.

שם (שפּײַט אויס). כ׳קען ניט הערען אַזױנע דבורים. וואַרט אויס, — ס׳וועט זיך דיר אָבּרופען. דעמאָלט וועל איך לאַכען. (ער געהט אַוועק אין שטוב).

גבאי. וואָס זשע אַנטלויפט איהר, שם? ס׳דאָך נאַריש. טאַקי אַוועק! נו, זאָל ער זיך געהן געזונטער־הייט. גיסט אײַך אָן נאָך אַ גלאָז, בערמאַן. נעהמט ברויט. בעטקע, שפּאַר זיך ניט, ס׳איז מיר הייס. (בעטקע איז אַראָבּגעשפּרונגען פון זײַנע קניע). נו, מירה...

מירה. וואָס, גבאי?

גבאי. איך האָב געבּראַכט אַ נײַ ביכעל... גיעט אַ קוק...
(מירה נעהמט דאָס ביכעל, בלעטערט עס און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

מירה. ווײַטער די אייגענע ווערטער. זיי שרעקען! אַזוינע גוטע ווערטער, און איך האָב, דאַכט זיך, מורא פאַר זיי. כ׳וויל לייענען אין אָבענד. (זי גיעט איהם אָב דאָס ביכעל).

גבאי. (בעהאַרצט). טײַערע ווערטער איז דאָ אָנגעשריבען, מירה, טײַערע געדאַנקען. פון דאַנען אָט שײַנט אונז די זון׳ וואָלטען נאָר אַלע, מירה, די וואָס האָרעווען, געוואוסט דאָס, וואָס דאָ שטעהט!

מירה. כ׳האָב געקאָנטשעט. (זי הויבט זיך אויף). געקאָנטשעט די אַרבײַט, און פרײַ איצט וועל איך אויסטרינקען אַ גלאָז טהיי. (ס׳ווערט אַ ביסעלע פינסטערער. אין הויף ווערט שטילער. אייניגע שכנים געהען אַרײַן אין זייערע דירות).

גבאי (האַרציג). ס׳אַ מחיה ס׳איז איצט, אַז מען שטעהט אָב אַ גאַנצען טאָג אויף דער זון. ס׳איז קיהל. דער פּלאַץ איז ברײַט. (ער קוקט זיך אַרום).

מירה. איך האָב ליעב דעם הויף. דאָ בין איך אויסגעוואַקסען. אָט דאָרט אַנטקעגען איז די שטוב, וואו איך בין געבוירען געוואָרען. איך קען דאָ אַלצדינג, אַלץ איז מיר היימיש. איך געדענק קינדווייז, ווען דער טאַטע פלעגט אַרויספאָהרען אויף זײַנע דראָגעס, פלעג איך זיך זעצען נעבען איהם און פלעג זיך פיהלען... אַ פּרינצעסע פלעג איך זיך פיהלען. יעדער שטיין איז מיר דאָ אַנ׳אייגענער. אַז איך בין אַלט געווען צוועלף יאָהר, בין איך אָט דאָרט געפאַלען, נעבען יענער דירה, און זיך צוקאַליעטשעט אַ האַנד מיט דער האַק. ס׳איז געבליבען עד היום אַ סימן, אָט



זעהט אויף דער האַנד. ס׳שטעהט נאָך איצט פאַר מײַנע אויגען, אַקוראַט ווי ס׳איז נאָר וואָס געשעהן. און אין דער דירה איז געשטאָרבען מײַן חבר׳טע פון טשאַכאָטקע. יאָ, פון טשאַכאָטקע.

בערמאַן (האָט אַ זיפץ געטהאָן). די צײַט פליהט. איך בין אויך אויסגעוואַקסען אין דעם הויף. געהאַט אַ ווײַב מיט קינדער, — אַלע בעגראָבען. און צרות זיך אָנגעליטען — אויפ׳ן פּוד אָח־אָי־אָי!

גבאי. און פאַר מיר איז דאָ אַלצדינג נײַ. איך הער אײַערע ווערטער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז טויטע שאָטענס שטעהען אויף און שמײַכלען... טרויעריג.

בערמאַן. פון וואַנען זענט איהר, גבאי, און ווי רופט מען אײַך?

גבאי. (אָנגעברוגז׳ט און פערדעכטיג). איך ווייס ניט...
(בערמאַן שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

מירה. ווי גוט עס איז דאָ אויפ׳ן הויף צווישען טאָג און נאַכט. ס׳טרעפט אַמאָל, ווען די לבנה שטעהט אין מיטען הויף ווילט זיך שטאַרבען, אַוועקפליהען ווילט זיך. און די קינדער שרײַען... אַזוי ווי פויגעל...

בערמאַן. און מיר דאַכט זיך — מען זיפצט. ווי נאָר עס ווערט נאַכט, אַזוי הויבען אָן זיך אויפהויבען זיפצען פון דר׳ערד. ס׳טאַרויסגעהן, אַ קוק געבען, אַ זוך טהאָן, קיינער ניטאָ. און די זיפצען לאָזען זיך הערען.

גבאי (ערנסט). זיפצען!.. מען פערקלענערט אומעטום די אַרבײַט—אָט דאָס איז זיפצען! (שווייגט אַ ביסעל). מ׳האָט מונה׳ן אויפ׳ן זאַוואָד אומגעקעהרט דאָס ביכעל...

מירה (דערשראָקען). וואָס רעדט איהר, גבאי?!

גבאי. דער זאַוואָד הערט אויף צו אַרבײַטען...

מירה. וואָס זשע וועט זײַן? דערצעהלט עפּיס אַנ׳אַנדערס... אַ פרעהליכערס. אומגליקליכע נחמה, אומגליקליכע קינדער!

בערמאַן. אומגליקליכע מענשען!..

מירה. דערצעהלט עפּיס אַנדערש. בעסער ניט טראַכטען.

גבאי. וואָס דערצעהלען?

מירה. איך ווייס ניט... דערצעהלט עפּעס אַ ליכטיגס, אַ וואונדערבאַרעס. אַז ס׳זאָל פערכאַפּען די נשמה אָט אַזוי.

גבאי (ערנסט). ס׳וועט אײַך סײַ ווי פערקלעמען די נשמה.

ניט פֿון ווערטער וועט זי אָנהויבען ציטערן — פֿון געשעהעניִשען.

בערמאַן. פֿון געשעהעניִשען ?.. (ער האָט אַ זיפֿץ געטהאָן).

גבאי. פֿון צאָרען וועט אייך פֿערקלעמען די נְשָׁמה. טויזענטער וועלען אייך באַלד פֿערפֿלייצען מיט זייערע זיפֿצען. איהר וועט דערשטיקט ווערען!

מירה (איינגעשפּאַרט). וואָס קעהר דאָס זיך אָן מיט מיר? (געלאַסענער). ניין, ס'קעהר זיך אָן, ס'קעהר זיך אָן. און אַז איך הער אָט די ווערטער, ווילט זיך מיר אַ וואָרף טהאָן ערגיץ און לויפֿען מיט פֿערמאַכטע אויגען!

גבאי. איך... מירה, האָב זיך אויסגעלערנט ווינשען איינס: אַ תּל מאַכען! כּל זמן ס'איז דאָ אויף דער וועלט אָט דאָס אָ (ער ווייזט מיט דער האַנד אויפֿ'ן פֿאָרשטאָדט), — דאַרף מען לעבען מיט'ן ווילען פֿונ'ם פֿאָלק, מען דאַרף די נְשָׁמה זאָל שטענדיג זיין דאָרט. כָּל זְמַן דער שׂונא איז ניט געבראָכען, איז ניטאָ וואָס צו טראַכטען פֿון אַנדערע זאַכען.

מירה (פֿערטראַכט). יאָ, שרעקליך איז דאָ... גרויזאַם איז דאָ...

גבאי. איך לעב, איך אָטהעם מיט מיין ווילען: מען דאַרף אומוואַרפֿען אַלצדינג. מיר וועלען נעהמען אונזער קראַפֿט, — פֿעראייניגען זי. דער פֿיינד איז שטאַרק...

בערמאַן. איך בין אַ פּראָסטער איד און פֿערשטעה גאָר ניט... איך הער ניט...

גבאי. אָט כ'לייען אָט די ביכלעך... (ווייזט אויפֿ'ן ביכעל). ס'איז דאָ אַנ'ענטפֿער, — דאָ איז ער. און מיט שמאָלצקייט הויבט זיך דער קולאַק געגען זיי, געגען די וואָס האָבען אונז אַרומגערינגעלט מיט זייער פֿערשאָלטענער קראַפֿט... איך זעה אַ נייעם, ליכטיגען טאָג! און עס פֿערקלעמט מיר מיין האַרץ פֿון אַ ווילדער און אַ שטורעמדיגער פֿרייד.

מירה. (אויפֿגערעגט). רעדט נאָך, אָ, רעדט...

גבאי. איך בין גליקליך וואָס איך לעב איצטיגע צייט, ניט פֿריהער און ניט שפּעטער... פֿון אויסוועניג איז רוהיג, איניוועניג זידט און ס'קאָכט... עס זאַמלען זיך אומגעהייערע קרעפֿטען... קומט אין שטוב, מירה. מיר וועלען אָנצינדען דעם לאָמפּ און זיך זעצען לייענען.

בערמאַן. קיין גוטס וועט פֿון דעם לייענען ניט אַרויסקומען.



וואָס עס פּאַסט פֿאַר אַ מאַנסביל, דאָס איז אַ חַרְפָּה פֿאַר אַ נְקֵבָה.

מירה. קומט לייענען. (זי הויבט זיך אויף. אין טויער קומט אַריין שמעון, מונה און דוד. מירה האָט זיי דערזעהען).

מירה. שמעון געהט אַהער. ניט גוט. וואָס ער איז איצט געקומען. ער זאָל נאָר וויסען! גבאַי, איך וועל ניט לייענען. ס'איז מיר טונקעל געוואָרען אויף דער נְשָׁמה. (גבאי האָט זיך געזעצט אָן אַ זייט, געעפֿענט דאָס ביכעל און לייענט. ס'געהט צו מונה. אַרום איהם לויפֿען די קינדער און שרייען: „דער טאַטע געקומען, דער טאַטע געקומען“. ער גריסט קיינעם ניט און געהט מיט דוד'ן גלייך צו זיך אין שטוב. שמעון איז אין אַ קורצען פּידזשאַק. אויפֿ'ן קאָפּ אַ האַרטער הוט (אַ „קעסעלע“). אין די הענד האַלט ער אַ שוואַרץ שטעקעלע).

שמעון (נעהמט אַראָב דאָס קעסעלע). גוטען אָבענד.

מירה. גוטען אָבענד, גבאַי! (גיט זיי די האַנד).

מירה (אָהן חֵשֶׁק) גוטען אָבענד.

גבאי. וואָס איז מיט דיר, מירה? ס'איז עפּיס געשעהען?

מירה. ווייס איך וואָס... (זי קירעוועט זיך אָב און קוקט מיט עַקְשָׁנוּת אין איין אָרט).

שמעון. איך פֿערשטעה דאָ גאָר ניט, מירה. בערמאַן, אפשר ווייסט איהר? (בערמאַן שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. שמעון געהט צו צו מירה'ן). מירה!

מירה. כ'וויל אַזוי זיצען. לאָז מיך צורוה! איך טראַכט... וואָס איז, דאַרפֿסט איך זאָל פֿון דיר קיין אויג ניט אַראָבלאָזען?

שמעון (אָבהענדיג). איך וויל גאָר ניט, מירה... נאָר דו האָסט מיך אַזוי אויפֿגענומען! אפשר ביזטו מיט עפּיס פֿערנומען?

מירה. אַך!.. נו לאָז מיך צורוה, חאָטש אויף איין מינוט! (זי האָט אויף איהם אַ קוק געגעבען און זיך צולאַכט). וואָס פֿאַר אַ פָּנים דו האָסט... און פֿערקעמט האָסטו זיך!

שמעון. איך ווייס, אַז איך געפֿעל דיר ניט.

מירה. מיר געפֿעלט אָט דאָס ניט, (זי איז אויפֿגעשפּרונגען און איהם צושויבערט די פֿערקעמטע האָר). אָי. די הענד זענען מיר נעוואָרען פֿעט!

שמעון (פֿערשעמט). ס'האָב איך אומיסנע... די האָר גלאַנצען...

מירה (האָט אויף איהם אַ קוק געגעבען און — גיך) נו, זע.

זיך דאָרט, זעץ זיך וואו ניט איז. (ניט ענטשלאָסען). וואָלסט זיך געקענט אָנטהאָן אַביסעל פּראָסטער, אַז דו געהסט צו מיר. ביזט ניט קיין מיידעל.

שמעון. איך ווייס ניט, וואָס דו ווילסט. נעכטען בין איך געוועזען אין אַנ׳אַנדער רעקעל, — האָסטו געזאָגט, אַז איך בין אָנגעטהאָן שמוציג ...

מירה. איך בין געוועזען געדערכט אי נעכטען, אי היינט. איך בין געוועזען גערעכט! קיינער וועט ניט זאָגען, אַז איך בין ניט גערעכט ...

שמעון. איך זאָג דאָס ניט, מירה. כ׳וואָלט נאָר געוואָלט וויסען איינס: ווי אַזוי זאָל איך מאַכען, דו זאָלסט זיין צופרידען.

מירה. כ׳ווייס אויך ניט.

שמעון. אפשר ווילסטו ...

מירה (האַקט איהם איבער). נו, גענוג, גענוג. זעץ זיך וואו ניט איז ...

שמעון (זעצט זיך). דו זיי ניט ברוגז, מירה. (מונה טראָגט אַרוים מיט דוד׳ן אַ טיש. די קינדער לויפען אַ פריהער).

מונה. (האָט זיך אַנידערגעזעצט. ער איז אין איין קאַמזויל. צו גבאי׳ן) אומגעקעהרט די ביכלעך !..

גבאי (האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ). איך ווייס. זיי גרייטען זיך אַליין אַנ׳אומגליק. אין שטאָדט איז שוין אַ חשבון פון עטליכע טויזענט אַרבייטסלאָזיגע. ס׳ציהט זיך פון מאַי אָן. (שמעון זינגט זיך אונטער שטילערהייט. ער שפּילט זיך מיט׳ן שטעקעל).

מירה. זינגט ניט, שמעון!

מונה. אַנ׳אומגליק? פאַר וועמען האָבען זיי מורא, די בעלי־בתּים? פאַר אונז? (ער האָט זיך איראָניש צולאַכט און אַ קלאַפּ געגעבען מיט׳ן האַנד איבער׳ן טיש). פאַר אַזוינע טרוסען? מיר אַלע זענען גרויסע בּריות אין דער היים... ביי די ווייבער... אָבער אַז עס קומט דאָרטען, זאָל מען חאָטש איבערקעהרען דעם צונג. פערשטעהען פערשטעהט מען אַלצדינג, אָבער אין הארצען טראַכט מען זיך: בעסער צושווייגען.

גבאי. מען דאַרף ניט שווייגען.

מונה. ס׳איז גרינג צו זאָגען. דאַכט זיך, איך בין שוין אַ געניגער בעסן — ס׳קומט אָבער דאָרט, בין איך שטילער פון אַ טייבעלע. די צונג ריהרט זיך ניט, — אָט וואָס מ׳האָט פון אונז



געמאַכט, און פאַר וואָס זאָלען זיי טאַקי מורא האָבען פאַר אונז? וועניג געהען אַרום אָהן אַרבייט? אָדער אפשר האָבען זיי קיין מאַכט ניט? וואָס זשע גיט זי ניט קיין וועטשערע. נחמה!

נחמה. (טראָגט אַרוים אַ גרויסע שיסעל מיט זופּ. די אויגען זענען ביי איהר פערוויינט). נאַ׳ט, עסט.

מונה. טרערען? (אויפגעבראַכט). תּיכּף זאָלסטו אויפהערען וויינען!

נחמה. כ׳האָב שוין אויפגעהערט... עס! (אַלע זעצען זיך צום טיש, אַחוץ בערמאַנ׳ען, גבאי׳ן און שמעונ׳ען).

מונה (עסט). איך האָב נאָך פון אינדערפריה געזעהען, אַז ס׳איז אַ שלעכטע מעשה. עס לאָזט זיך פיהלען. שטעהסט אין דער היץ, בראָטסט זיך, שמייעסט אַהין און אַהער, — ניין, ס׳עפּיס נישט דאָס: עס ציהט אַנ׳אַנדער ווינטעלע. דערלאַנג מיר נאָר דאָס ברויט, נחמה.

נחמה (מיט פערצווייפלונג). כ׳האָב מורא, אַז איצט וועסטו שוין ניט אַזוי באַלד געפינען אַרבייט.

מונה. דאָס וועלען מיר זעהען. ווער ווער — איך וועל אַרבייט בעקומען.

מירה. פון וואַנען זענט איהר עס אַזוי זיכער?

מונה. פון וואַנען! כ׳וועל וועלען, וועל איך בעקומען!

שמעון. (ניט פעסט) ס׳איז גרינג צו זאָגען...

בערמאַן. די טויטע וועלען די לעבעדיגע בעגראָבען, אָח־אָי־אָי, אָט אַזוי וועט זיין. זאָלען נאָר קומען די קעלטען.

מונה. (ווערט אָנגעצונדען). וואָס מישט איהר זיך, איהר, פינפטע ראָד אין וואָגען? וואָס איז אייער עסק? וואָס וויל ער, אָט דער אַלטער עבֿבֿרש? זיצט אייך אויף אַנ׳אָרט און זיפּצט, אַז קיינער זאָל ניט הערען.

נחמה, (מיט פאָרוואורף) מונה! מונה!

מונה. וואָס דען מישט ער זיך? מ׳וועט זיך בעגעהן אָהן זיין מזמור. דו ביסט אָבער אויך אַ לייט, נחמה!.. וויש אויס די אויגען. כ׳קען ניט קוקען, אַז עס גיסען זיך דיר טרערען איבער׳ן פּנים. עס, אַזוי ווי איך! חאַפּט עס דער שוואַרץ יאָהר איינגאַנצען, — עס!

גבאי. (הויבט אויף דעם קאָפּ) ס׳וועט ניט לאַנג דויערען.

מונה. וואָס? אפשר וועט איהר צו היליף קומען? (ער האָט

זיך צולאַכט), מיר וועלען אינאיינעם אַ פּגירה איינגעהמען. וואָס? אַלע אינאיינעם. אַז ס'וועט זיך אָנהויבען דער הונגער, וועל איך זיך אַנטשעפּען אָן נחמה'ן מיט די קינדער און וועל זיך אויסציהען אינמיטען שטאָדט.

גבאי. עס וועט ניט העלפען. איהר וועט פאָרט שטאַרבען. (שמעון האָט זיך געזעצט נעבען מירה'ן און שעפּצעט איהר עפּיס. זי קנייטשט מיט די פּלייצעס אונצופרידען).

מונה. איהר אַליין וועט אייך שטאַרבען.

גבאי. ניט אַזוי וואָלוועל וועט זיי דאָס קאָסטען... איהר מעגט זיין זיכער.

נחמה. מונה, מונה!

מונה. וואָס? מאַך עס נאָר גיכער. עסט, קינדער.

נחמה (פּעסט). מונה, איך מוז דיר זאָגען... ביזט אַזאַ בעקן. הער אויס... אָט ביזטו געבליבען אָהן אַרבייט. דער קאָפּ דרעהט זיך מיר אַזש פאַר יסורים.

מונה. גיכער אַביסעל, גיכער...

נחמה. איך וויין... וואָס זאָל איך טהאָן, אַז איך קען ניט איינהאַלטען די טרערען!

מונה. (זעהט אויס, ווי ער וויל זיך אַ וואָרף טהאָן אויף איהר. הויבט אָן שטאַמלען). נו, וואָס נאָך ווע‌סטו עפּיס זאָגען?

נחמה. (פּלאָנטערט זיך אין די רייד). אַז איך בין געשטאַנען נעבען דיר אין שטוב, האָב איך ווידער אַ מאָל דערהערט... יאָ, כ'האָב דערהערט דעם ריח. כ'האָב דיך געוואָלט מוסר'ן: ווייטער אַ מאָל דאָס אייגענע? אין אַזאַ צייט, מונה! האָסט זיך מיר צוגעזאָגט, האָסט מיט שבועות געשוואוירען! ווייטער אַ מאָל דער בראָנפען! עס ציהט דיך שוין צו איהם. ווערסט אָן אַלצדינג, פערלירסט דעם שכל. דער כאַראַקטער ווערט ביי דיר פערדאָרבען...

מונה. שווייג, נחמה!

נחמה. כ'וואָלט אַ בעלן געווען... אין שטוב האָב איך מיך איינגעהאַלטען, דאָ האָב איך שוין קיין כח. און ווי אַזוי זאָל איך שווייגען, אַז איך זעה אונזער אומגליק? און פון וואָס זאָל איך פריהער וויינען, מונה?

מונה. (האַלט זיך איין) לאָז מיך אָפּעסען, נחמה. דאַרפסט



מיך פערשטעהען. דער מח הויבט זיך מיר, נו, האָב איך אויסגעטרונקען אַ גלעזעלע.

נחמה. נאָר היינט איינס? נו, אין פרייטאָג, און יענע וואָך? דו געפינסט אַלע מאָל אַנ'אויסרעד... און דער הונגער שטעהט שוין הינטער די פּלייצעס!

מירה. עס, נחמה!

מונה. אויב אַזוי, טאָ שפּיי איך אויף אַלע דיינע ווערטער!..

נחמה. אָט איז דאָ עטליכע מענשען, פרעג זיי, ס'איז גוט אַזוי? פרעג די קינדער!

מונה. (שטעהט אויף). לאָז זיין שטיל, נחמה! לאָז זיין שטיל!..

נחמה. דו דאַרפסט דאָך פערשטעהען... אייביגע בחקות, פיער קינדער, קיין איין רוהיגען טאָג, קיין איין פרעהליכען טאָג! אַלץ צרות, צרות און צרות! וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ לעבען?

מונה. זאָלסט אַנטשוויגען ווערען, נחמה! דאָס בלוט זעצט מיר אין קאָפּ אַריין...

נחמה. דאָס האַרץ וויינט אין מיר... עס געהט דער תּליָן צו אונז, מען דאַרף איהם קענען אַנטקעגען געהן... מען דאַרף! אָט בין איך געשטאַנען אין שטוב און געטראַכט: בעסער נעהמען אַ האַק און דער'הרג'נען אייך אַלע. אויב מונה האָט ווייטער אויסגעטרונקען.

מונה. זאָל דיר אָבדאַרען דער צונג! (ער שטעהט אויף און מיט כעס) טאַקי באַלד! אָבדאַרען זאָל ער דיר! ווע‌סטו אַנטשוויגען ווערען... זאָלסט ניט סמייען רעדען מיר אַנטקעגען! הערסט? אָבדאַרען, זאָג איך, זאָל ער! (קלאַפּט מיט'ן האַנד איבער'ן טיש, דער פּנים מינעט זיך ביי איהם) אָבדאַרען!..

גבאי (שטעהט אויף). זעצט זיך, מונה! גענוג אייך שרייען.

מונה. וואָס? ווער סמייעט עס מיט מיר אַזוי צו רעדען? איך... (ער קען דעם אָטעם ניט כאַפּען) איך, איך... (ער הייבט אויף דעם עק טיש און לאָזט איהם אַראָב מיט כח). דו... ביסט... איהר ליובאָווניק! אַהאַ! אַ ליובאָווניק! (וויל זיך אַ וואָרף טהאָן אויף גבאי'ן, נאָר מען האַלט איהם אָב). איך... איך... וועל דיך דער'הרג'נען! וואָס? דו... דו ביזט עס ניט קיין בעל-הבית! איך בין בעל-הבית! כ'וועל אַלע אויס'הרג'נען, זי מיט די קינדער!

מירה. מונה, איהר זענט אַראָב פון'ם זינען. זעצט זיך.

מונה. גענוג שוין!

נחמה. שרייַ בעסער, דערבר'גע אונז בעסער, אַבי טרינק ניט, אַז ניט. וואָס וועט דאָס זייַן פאַר אַ לעבען! (אַרום זיי פערזאַמלען זיך שכנים: מאַנסבילען, ווייַבער, קינדער).

מונה (זעצט זיך, מיט אַ בייזער). אַזוי וויל איך. כ'וויל טרינקען, כ'וויל שכור'ן. דיר אויף להכעיס - וועל איך זיך וואַלגערן אין די גאַסען.

בערמאַן. בעסער וואָלט איהר זיך בערוהיגט, מונה! צונויפגערופען אַנ'עולם. ס'איז גאָר ניט אַזוי פרעהליך צו הערען די אַלע זאַכען! ס'אַ וועהטאָג צו הערען.

מונה. זעה זשע, נחמה, וואָס דו טהוסט. געדענק...

נחמה. דער'ברג'ע מיך —, וועט מיר גרינגער זייַן! איך קען ניט זעהען, ווי דו מאַכסט פון זיך אויס מענש.

מירה. ס'אַר אַ לעבען דאָס איז!.. (שטעהט אויף אויפגערעגט).

מונה (שטעהט ווייַטער אויף). שטיל זשע, מרשעת! אָט אויף מייַנע נאמנות, אַז איך וועל אויף דיר אויפהייבען מייַן האַנד. אויף מייַנע נאמנות. מעגסט מיר גלויבען!..

נחמה (שטעהט אויף). איך קען שוין ניט אייַנזיצען בייַם טיש. וואָס דערצעהלסטו עם מיר, אַז דו ויעסט אויף מיר אויפהייבען אַ האַנד? אויף מיר? אויף מיר? האָסט אַ גאָט אין האַרצען, צו נייַן? ווער שכור'ט, אפשר איך שכור? אפשר אַרבייט איך ניט, אפשר גיב איך אויף די קינדער ניט אַכטונג? אפשר הוליע איך ערגיץ? פאַר וואָס? — פרעג איך דיך. זאָג מיר ניט אָט די ווערטער, איך בעט דיך! עס פּלאַצט אין מיר די גאַל. איך פיהל, אַז איך קען דאָס שוין ניט אַריבערטראָגען.

מונה. וואָס? (שטאַמעלט) שאַ זאָל זייַן! פערמאַך דאָס מויל!

שמעון. גענוג שוין, הערט אויף. נחמה, מונה!

מונה. קיין פּיפּס זאָל איך ניט הערען! שאַ!.. קיין פראַגע!.. וואָס האָט זי צו מיר? ווער איז איהר שולדיג? אָט די מידע הענד? אָט די פּלייצע? די מאָזאָליעס מייַנע? צו די פיס דאַרף זי מיר פאַלען... קוקט נאָר אָן אָט די אויסגעהאָרעוועטע ביינער! ווען האָב איך גערוהט? ווען? לאָז מיר עמיצער זאָגען, ווען האָט זיך מונה צוגעלעגט אָברוהען? אָדער ווען איז איהם דער קאָפּ געווען לויטער, אָדער ווען האָט זייַן פּנים געלאַכט? זעקס פּאַרשוין שלעפּט אויף זיך מונה, און יעדערער ציהט פון איהם די



קלייַ! זעקס!.. מיט זעקס וועהטאָגען לעגט ער זיך שלאָפען, מיט זעקס שטעהט ער אויף! זעקס נפשות בעגלייטען איהם אומעטום, וואו ער זאָל ניט זייַן, וואָס ער זאָל ניט טהאָן...

אַ שכן (אַ בעיאַהרטער). מיר האָרעווען אַלע מיט'ן בלוטיגען שווייס. טהוט אַ קוק אויף אונז: מיר גרייטען זיך אַלע צום טויט. וואָס זשע דאַרף מען זיך קריגען?

נחמה. לאָז מיך אויסרייַדען, מונה. אָט שטעהען מענשען לאָזען זיי זאָגען, לאָזען זיי פּסק'נען. דו ברייַנגסט זעקס קערבלעך אַ וואָך. רעכען אָב פון דייַנעטוועגען אָנדערהאַלבען, — וואָס בלייַבט דערפון אונז? האָסט אַמאָל געפרעגט, ווי אַזוי איך קום אויס? דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר אויף שטיקלעך!.. זעקס פּאַרשוין זענען מיר, אין הונגער לעבען מיר שטענדיג, און איך אַרבייט אויף אייַך, ווי אַנ'אויסגעמוטשעט פערד. זאָג, כ'האָב דיר אַמאָל אויסגעוואָרפען פאַר די גאַנצע צוועלף יאָהר? פון די פיס פאַל איך יעדע מינוט, יעדע רגע, נאָר כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געפרעגט: וואו זשע איז דער סוף? כ'האָב אַלץ זיך געקלערט: כ'וועל נאָך אַביסעל צולייַדען, די קינדער וועלען אונטערוואַקסען — וועט מיר גרינגער ווערען. ס'וועט מיר רוהיגער ווערען מייַן קאָפּ. מייַן לעבען, מונה, האָב איך פערשפּילט און האָב ניט געטראַכט וועגען דעם: אַזוי איז שוין מיר בעשערט! אַזוי איז, מונה, דייַן מזל אויך, אַזוי לעבען מיר אַלע דאָ... נאָר איך האָב אַלץ איבערגעטראָגען: אי דעם הונגער, אי די קינדערשע קרענק און האָב אַלץ געטראַכט אַ פערשמאַכטע: אָט וועט שוין גאָט העלפען, מונה וועט ווייַטער אָנהויבען אַרבייטען. כ'וועל איהם אייַנרעדען און ער וועט ווערען אַ מענש. דו האָסט אָבער אָנגעהויבען אַראָב פונ'ם וועג... און פאַר דעם האָב איך זיך דערשראָקען... אין אונזער לעבען דאַרף דער קאָפּ זיצען פעסט אויף די פּלייצעס...

מונה (גערירט). איך האָב זיך דערשראָקען, נחמה. כ'האָב זיך דערמאָנט דעם הונגער און האָב אויסגעטרונקען... נאָר איין גלעזעלע...

אַ שכן. מיר וואָלטען זיך אַלע אָנגעטרונקען פאַר צרות.

אַנ'אַנדערער. מ'האָט אַרויסגעוואָרפען מענשען אויפ'ן גאַס! וואָס טהוט מען?

מונה. לייַדען דאַרף מען! ווען איך זאָל ניט מורא האָבען, וואָלט איך אַלע אויסגעהרג'ט פאַר כעס...

דער שכן. וואו נעהמט מען כח צו ליידען? אַט האָב איך זעקס קינדער, (ווייזט אויפ׳ן שכן) און ער האָט פינף. דאָרט אַכט. דאָ צעהן! דאָ קראַנקע ווייבער, דאָרט קראַנקע קינדער. און דאָרט מאַנסבילען, דאָ זקנים — אַלע אָהן כח. און דער הונגער לאָזט מיך שוין פיהלען, דער הונגער עגבערט אין האַרצען. און ס׳ווילט זיך שטאַרבען. ס׳איז דען איצט אַ צייט צו קריגען זיך? קוקט זיך אום אַרום און אַרום! בעטראַכט זיך נאָר! דאָס האַרץ ציטערט, דאָס האַרץ קרעכצט.

אַ דריטער (פינסטער). אַז וועה איז אונז!

אַ פיערטער. מען דאַרף אויסגראָבען אַ גרויסען גרוב און זיך אַלע אַריינלעגען אַהין. לאָז מען אונז בעגראָבען! (פּרעומות און קלאָגען. גבאַי שטעהט צווישען עולם און הערט, וואָס עס זאָגט איהם דער ערשטער שכן. ער מאַכט אונרוהיגע בעוועגונגען. ווערט אויפגערעגט).

גבאַי. וואָס זשע קלאָגט איהר זיך אַלץ? ניט בחמנות ערוועקען אייערע טרערען, אַ האַס ערוועקען זיי. גיסט אַריין אַביסעל מוט אין אייערע אָדערן און זאָגט אָפען, וואָס איהר ווילט! איהר קענט ניט? ניין? וועל איך זאָגען פאַר אייך. אַט דאָס איז אייערע הלינים! (ווייזט אויפ׳ן שטאָדט).

מונה (מורמעלט). מיר זענען גרוסען אַלע... ווי די קעץ זענען מיר...

גבאַי. ווער איז שולדיג אין אייער אומגליק און אין אייערן, און אין אייערן? לאָמיר אַלע זאָגען אין איין קול: זיי זענען שולדיג!

אַ שכן. רעדט ניט אַזוינע ווערטער...

אַ צווייטער. מיר האָבען מורא פאַר אונזער אייגענעם שאָטען.

שם (וואָס איז געשטאַנען צווישען עולם). איהר דאַרפט ניט אויפרייצען דעם עולם...

גבאַי (שאַרף). לאָזט מיר צורוה! (צו אַלע) איהר האָט מורא? וואָס זשע זענט איהר פאַר מענשען? אַ האַמער קלאַפט איבער אונזערע פלייצעס, —לאָמיר ניט ווערען!.. לאָמיר אויפשטעהן נעגען אונזערע בעדריקער! לאָמיר אַרויספאַלען אויף זיי, ווערען זיי אַנטלויפען פאַר אונזער צאָרן, פאַר אונזער קראַפט. לאָמיר געהן אַהין. לאָמיר פערפלייצען זייערע גאַסען, זייערע פלעצער, לאָמיר שטעהען אונטער



זייערע פענסטער ווי אַ בילד פון שרעק... לאָמיר געהן אַהין און לאָמיר זאָגען הויך. וואָס מיר ווילען, — ווערען מיר עס בעקומען... נאָך אַ מאָל! לאָמיר ניט ווערען! (מיט קראַפט) נאָך אַ מאָל! לאָמיר אויפשטעהן!.. ס׳וועט פאַלען דער פיינד — און דער האַר וועט אויפשטעהן: דער האַר - דאָס פאָלק! ער וועט בעשאַפען אַ לעבען! צו אפשר ווילט איהר ניט דעם האַר—דאָס פאָלק? אויב אַזוי טאָ שווייגט: זאָל מען אייך צוקוועטשען. זאָל מען אייך פערמוטשען... הערט! עס הויבען זיך אָן שרעקליכע צייטען! ווילדע טעג הויבען זיך אָן. לאָמיר זיך דערמאָנען אַלע חרפות, וואָס מיר האָבען געליטען, לאָמיר דערמאָנען אונזערע צרות. אונזערע אומגליקען און מיט אַ מוטהיג האַרץ לאָמיר געהן אַהין! לאָמיר געהן... (דער עולם ווערט אויפגערעגט).

שם. (לויפט אַרויס אַ פריהער) צוריק, רבותי! ער רופט אייך אויף אַנ׳אומגליק! צוריק, רבותי! (די אויפרעגונג וואַקסט. איינינגע סטראַשען מיט די פויסטען. ערגיץ אויף דעם הויף שרייט הערשעל).

הערשעל. דער הונגער נעהט! דער הונגער!.. אהאַ, חאַ-חאַ!

(ענדע פון ערשטען אקט).

---

## צווייטער אַקט.

ניט קיין גרויסער צימער. גראָהע ווענד, אַ שמוציגע פאָדלאָגע. אַנטקעגען אַ ברייטע הילצערנע בעט. לינקס אַ פענסטער צום גאַס. רעכטס אַנ׳אויווען, אַביסעל כלים אויף די פאָליצעס. ביים וואַנד אַ שמאָלינק הילצערן בעטעל, וואָס געהער צו מירה׳ן. נעבען דעם אַ פייער-טאָפּ. אין מיטען אַ קיילכיגער טיש און דריי טאַבורעטען. אַנטקעגען אַ טהיר.

אַנ׳אָבענד אין חשון. אַ וואַנד-לעמפעלע בעלויכט דעם צימער. נחמה׳ס קינדער ליגען אויפ׳ן בעט. בעטקע און דוד זיצען ניט ווייט דער פינף-יאָהריגער נחמ׳לע וויינט.

---

בעטקע (אומעטיג). וויין ניט, נחמ'לע, — ביזט דאָך אַ קלוג אינגעלע. בעטקע האָט דיך ליעב, דערפאַר וואָס דו ביסט שטענדיג געווען אַ קלוג אינגעלע. באַלד וועט קומען די מאַמע און וועט ברענגען ברויט...

דוד (פינסטער). ווער וועט איהר געבען? זי איז געגאַנגען צום קאָמיטעט. האָט מען איהר אָבגעזאָגט. פאַר וואָס? ווייל היינטיגס יאָהר הונגערן זעהר אַ סך. עס קלעקט ניט פאַר אַלעמען. און די גבירים ווילען קיין נדבות ניט געבען. אַזוינע זשעדנע, אַפילו קיין נדבה ווילען זיי ניט געבען. אפילו קויהלען האָט מען היינטיגס יאָהר געגעבען פינף פוד, און פאַראיאָהרען צעהן.

בעטקע. אפשר וועט זי פאָרט עפּיס ברענגען?

דוד. וואו, וואָס! נעכטען האָט זי אויך גאָר ניט געבראַכט. היינטיגע נאַכט בין איך געלעגען און אַלץ געטראַכט, פאַר וואָס האָבען די גבירים אויף קיינעם ניט קיין רחמנות? האָב איך זיך דערמאָנט אונזער פייוועלען, און האָב אָנגעהויבען וויינען. (ווישט די אויגען).

בעטקע (טרויעריג). דערמאָן מיר איהם ניט, דוד! געדענקסט, ווי ער האָט געמאַכט מיט די הענטלעך? אָט אַזוי האָט ער געמאַכט (זי ווייזט) און געפּישטשעט, ווי אַ קעצעלע. (זי האָט זיך צעוויינט. פויזע).

דוד. מונה פערדינט שוין ניט פון צוויי חדשים. מיך האָט דער שוסטער צורעכענט. קיינער אַרבייט ניט, און איך ווייס ניט, וואָס דער סוף וועט פון אונז זיין, מיר וועלען אַלע שטאַרבען פאַר הונגער. כ'וואָלט געגאַנגען גנב'ענען, האָב איך מורא.

בעטקע. גנב'ענען טאָר מען ניט.

דוד. ס'פערשטעהט זיך, אַז מען טאָר ניט, נאָר וואָס זשע זאָל מען טהאָן? און ס'אַ רחמנות אויף זיי אַלע. נחמה האָט שוין פערקויפט אַלצדינג, וואָס אין שטוב איז געווען. געהסט אַריין צו עמיצען אין הויף, — אַלעם אויספערקויפט, אַלע וויינען. און ביי דער באָבע אָסנת וואָס טהוט זיך? און ביי פערקע'ן? און ביי פייוועלען? און אַצונד שטאַרבען דאָ די קינדער ביי אַלעמען... דו ביזט שטאַרק הונגעריג, בעטקע?

בעטקע. אַזש אָט דאָ טהוט וועה (זי ווייזט. נחמ'לע האָט זיך צעוויינט). שלאָף, נחמ'לע. אָט וועט קומען די מאַמע און וועט



ברענגען ברויט. נחמ'לע. (מיט טרערען) נחמ'לע, וואָס זשע וויינסטו?

דוד. ער וויל עסען.

בעטקע. וואָס זשע וועל איך מיט איהם טהאָן? (צוטראָגען) נחמ'לע!

דוד. ווייסטו וואָס, בעטקע: לאָמיר זיך לעגען אַלע אינאיינעם און זיך איינדעקען. אפשר וועלען מיר אַנטשלאָפען ווערען און פערגעסען, אַז מיר זענען הונגעריג. (אַלע לעגען זיך און פערדעקען זיך מיט אַנ'אַלטער קאָלדרע. פויזע).

דוד. דו שלאָפסט, בעטקע?

בעטקע. איך האָב פערמאַכט די אויגען און האָב געזעהען... אַ ברויט... מיט אַ צוגעברוינטער סקאָרינקע... אַזאַ רויטע...

דוד (גליקליך). איך זעה אויך... אַזאַ וואַרימער, — איאָ, בעטקע? ער שמעקט אַזוי גוט.

בעטקע. עס שמעקט? און איך זעה אַ צוגעברענטע סקאָרינקע... (זי מורמעלט) מיט אַ רויטער סקאָרינקע... איך עס... אַ בהמות אויף די קינדער.

דוד. איך האָב אויך רחמנות. ס'אַ רחמנות אויף נחמה'ן און אויף פערקע'ס מאַן און אויף פייוועלען... וואָס זשע קומט ניט נחמה?

בעטקע. וויין ניט, נחמ'לע, די מאַמע וועט ברענגען גוטע ברויט.

דוד (ווי פון שלאָף). וואָס האָסטו געזאָגט, בעטקע? איך קען שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען, כ'וויל עסען! (ער שפּרינגט אויף) עסען... (לויפט צו צום פענסטער און קלאַפּט) גיט אונז ברויט, ברויט...

בעטקע. ער איז קיילעכדיגער... מיט אַ סקאָרינקע (זי מורמעלט) און אַ הערינג. (מיט אַ שמחה) אַ הערינג, דוד. אַזוי געשמאַק (דוד שטעהט ביי דער וואַנד און קלאַפּט אין איהר מיט זיין פויסט. בעטקע לויפט צו צו איהם מיט אַ געוויין).

בעטקע. הער אויף, דוד! (ווי זי האָט זיך עפּיס דערמאָנט) און ביי לייטען ערגיץ עסט מען איצט, ערגיץ לאַכט מען... (זיי שטעהען און וויינען. ס'געהט אַריין נחמה. זי איז אָנגעטהאָן אין אַנ'אַלטען שאַל, אין די הענד אַ קאָרב. זי קוקט זיך אַרום אויספאָרשענדיג, אין צימער).

דוד (מיט פֿרייד). אָט איז נחמה געקומען. האָסט עפּיס געבראַכט?

בעטקע (לויפֿט צו איהר צו): מאַמע, מאַמע! (וויינט) כ'האָב געמיינט, דו וועסט שוין קיינמאָל ניט קומען.

נחמה. אָט בין איך טאַקי געקומען. הער אויף... ס'וועט באַלד זיין וואַרים. די קינדער האָבען געוויינט?

בעטקע. זיי האָבען געוויינט... גערופֿען דיך. (נחמה האָט אַ וואָרף געגעבען דעם קאָרב אויפֿ'ן טיש, אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך דעם שאַל, דוד און בעטקע זוכען אין קאָרב און שרייען אויס: „ברויט, קויהלען, קאַרטאָפֿעל!"

נחמה (געהט צו צום בעט און בעטראַכט די שלאָפֿענדיגע קינדער). קינדער, (מיט טרערען אין די אויגען) קינדערלעך מיינע, פֿויגעלעך מיינע. (נעהמט נחמ'לען אויף די הענד). נחמ'לע, לעבען מיינס, (קושט איהם היים) כ'האָב דיר געבראַכט ברויט. נחמ'לע, נחמ'לע! (דאָס קינד קרעכצט. זי קרעכצט מיט איהם, מיינענדיג, אַז אַזוי וועט איהם זיין גרינגער). האָסט ליעב דיין מאַמען, האָסט ליעב? (לויפֿט מיט איהם צו צום קאָרב, נעהמט אַרויס פֿון דאָרט דאָס ברויט און ווייזט איהם). זעהסט, וואָס איך האָב דיר געבראַכט? דוד, צושנייד דאָס ברויט, נאָר אויף קליינע שטיקעלעך. (שמייעט אַרום איבער'ן שטוב, זי האָט יעדען געגעבען ברויט. אַלע אַחוץ איהר האָבען זיך אויסגעזעצט אין איין שורה אויפֿ'ן בעט און עסען זשעדנע. זייערע הויכע שטימען דריקען אויס זייער פֿרייד).

נחמה. שרייט ניט, קינדער. עפּיס דער קאָפּ טהוט מיר וועה. קיינער ניט געקומען? דער טאַטע ניט געוועזען? (זי צולעגט אַ פֿייער אין פֿייער־טאָפּ. געשטעלט קאָכען קאַרטאָפֿעל.) ס'וועט באַלד זיין וואַרים. און דער טאַטע איז נאָך ניט געוועזען דאָ?

דוד. ניין. (עסט). וואו 'סטו היינט געאַרבייט, נחמה?

נחמה. כ'ווייס וואו? דאַכט זיך, איך האָב בערג איבערגעקעהרט. און וואָס האָב איך געבראַכט? פֿופֿצעהן קאָפּיקעס. געקויפֿט פֿינף פֿונט קויהלען, ברויט, קאַרטאָפֿעל, און ס'איז פֿון אינגאַנצען קיין גראָשען ניט געבליבען. ווייטער קיין גראָשען ניטאָ.

בעטקע. מאַמע, גיב נחמ'לען נאָך אַ שטיקעל ברויט.

נחמה. שוין אויפֿגעגעסען אינגאַנצען? עס ניט אַזוי גיך. נחמ'לע. מען טאָר ניט עסען אַזוי גיך. מען דאַרף לאָזען דעם



טאַטען. נאַ, נעהם, נאָר עס פּאַמעהליך. אָט אַזוי, זעהסט? אַ שטיקעלע אָבגעבראָכען, און אַריין אין מויל. און אין מויל זאָלסטו עס האַלטען לאַנג. (זי נעהמט איהם אויף די הענד, קושט איהם נאָך אַ מאָל מיט היץ. זעצט איהם אויפֿ'ן בעט. עס געהט אַריין אָסנת. זי שטעהט אויפֿ'ן שוועל און עס זעהט אויס ווי זי קען זיך ניט ענטשליסען, צו זאָל זי אַריינגעהן צו ניט. זי קוקט פֿערוואונדערט און מיט געבעט. איהר קאָפּ טרייסעלט זיך).

אָסנת. (מיט אַ ציטערדיג קול). גוטען אָבענד, נחמה.

נחמה. שטעהט זשע ניט אויפֿ'ן שוועל, באָבעניו. פֿערמאַכט די טהיר. ס'איז ניט זומער ברוך השם...

אָסנת. (מאַטערט זיך אַ צייט מיט דער קלאַמקע). אָט מיט די הענד האָב איך אַ מאָל וועלטען איבערגעקעהרט, חי־חי. איצט טויגען זיי אויף כּפּרות... אויף כּפּרות. חי־חי.

נחמה. מיט די הענד? (קוקט אויף איהר) גוט, גוט. וואָס זשע שטעהט איהר? זעצט זיך צו, באָבעניו. וואָס מאַכט אייער איטע?

אָסנת (שעפּצעט) דער טויט רוקט זיך שטילערהייט אין אונזער שטוב אַריין. אוי, נחמה, נחמה... די קליינינקע האָט זיך שוין אויך אַנידערגעלעגט.

נחמה. וואָס רעדט איהר? שוין זי אויך? ווען איז?

אָסנת. היינט אינדערפֿריה. דאָס קינד ברענט ווי אַ פֿייער... אַ שטיקעלע לימינע בעט זי... און איך האָב ניט קיין גראָשען. צוויי טעג האָבען מיר ניט געגעסען... איהר זענט אַ גוטינקע, נחמה. איך געה מיר איבער'ן הויף און טראַכט: נחמה איז ביי אונז אַ וואוילע אידענע.

נחמה (פֿערדעכטיג). זאָגט דאָס ניט, באָבעניו. אַז אַ מענשען איז שלעכט, איז ער ערגער פֿון אַ בייזען הונד. (זי האָט זיך דערמאָנט וועגען איהר זאָרג) און מונה איז אַלץ ניטאָ.

אָסנת (געהט צו צו נחמה'ן און קוקט אויף איהר לאַנג). נחמה!

נחמה. וואָס, באָבעניו?

אָסנת. איך בין צו אייך אַריינגעגאַנגען. דאָרט, אין יענער דירה, בין איך אויך געוועזען, כ'בין אומעטום געוועזען... (זי מאַכט מיט דער האַנד אין פֿערצווייפֿלונג) די ווענד שרייען, די ווענד וויינען... כ'בין געוועזען ביי פֿערקע'ן. וואָס זאָל איך אייך פֿריהער

דערצעהלען? אַז אַך און אַז וועה... אין שטוב איז לעדיג, ווי אין אַ וואַלד — אַ פּחד פֿאַלט אויף אַ מענשען. דעם פֿיערטען טאָג האָבען זיי קיין ברעקל אין מויל ניט געהאַט. און קונה געהט אוים, — ער כאָרכעלט שוין קונה.

נחמה. דערצעהלט מיר ניט. (אין כעס). איך בעט אייך. באָבע. איהר האָט זיך דאָרט אָנגעזעהען און אַהער זענט איהר געקומען אויסשיטען... איך בעט אייך. לאָזט מיך צורוה. ניט מיין עסק.. (מאַכט מיט דער האַנד).

אָסנת. נחמה! אַ שטיקעלע לימינע. נאָר איין ברעקעלע לימינע בעט זי. ס'איהר עפּים ניט גוט. אַנטלייהט מיר וויפֿיעל ניט איז, חאָטש פֿינף קאָפּיקעס אַנטלייהט מיר. וועל איך קויפֿען אַ פֿיערטעל לימינע. אַ פֿיערטעל פֿונט ברויט, כ'וועל פֿערקאָכען טהיי אין קלייטעל... חאָטש וויפֿיעל ניט איז, נחמה. איהר מיינט ס'איז פֿון מיינעט וועגען? דער אַלטער שאַרבען דאַרף גאָר ניט, — נאָר דאָס האַרץ פֿיהלט נאָך. וויפֿיעל ניט איז, נחמה.

נחמה. (קוקט אויף איהר מיט פֿאָרוואורף) מיר דאַכט זיך, איהר זענט אַראָב פֿונ'ם זינען, באָבעניו.

אָסנת. איך בין שוין דאָ אויסגעגאַנגען אַלע הונדערט דירות, און אין יענעם הויז בין איך אויך געווען... אומזיסט געגאַנגען, נחמה. קיינער האָט ניט. פּוסטע וועלדער שטעהען. און אין שטאָדט אַריין קען איך ניט געהן. ניין. איך קען ניט געהן. חאָטש פֿינף קאָפּיקעס, נחמה. חאָטש דריי קאָפּיקעס. איהר זענט אַ גוטע, נחמה... (טרייסעלט מיט דעם קאָפּ).

נחמה. וואָס האָט איהר דאָס געזאָגט, באָבעניו? בעטראַכט זיך נאָר. פֿינף קאָפּיקעס? אַצונד? איהר זענט ביי'ם זינען? כ'האָב היינט פֿערדיענט פֿונפֿצעהן קאָפּיקעס... פֿערדיענט... ס'האָט אייך דערלאַנגט, אַ? צוויי טעג בין איך אַרומגעלאָפֿען, געזוכט אַלץ, און אויפֿ'ן דריטען האָב איך פֿערדיענט פֿונפֿצעהן קאָפּיקעס... און וויפֿיל האָב איך זיך אָנגעהאָרעוועט, און וואָס פֿאַר אַנ'אַרבייט איך האָב געטהאָן! ס'איז דאָך אַלץ איינס: אַז ס'איז ניטאָ קיין קאָפּיקע. איז פּונקט ווי ס'איז ניטאָ קיין טויזענטער. און וואָס האָבען מיינע אויגען געזעהען אַרום און אַרום? (מיט שרעק). אַ הונגער. מענשען שרייען און פֿאַלען אום. זאָגט מיר, וואו נעהמט מען אַ שטאַרקע נשמה? מענשען רייסען זיך פֿאַר אַ גראָשען, ווענינער ווי פֿאַר אַ גראָשען, מענשען רייסען זיך און פֿאַלען...



אָסנת. איך ווייס, נחמה, אוי, איך ווייס דאָס גוט.

נחמה. פֿינף קאָפּיקעס זאָגט מיר — פֿינף טויזענטער. וועט דאָס זיין אַלץ איינס. געהט אייך געזונטערהייט און רייסט מיר ניט מיין האַרץ.

אָסנת. כאָטש וויפֿיעל ניט איז, נחמה. ווי אַזוי וועל איך קומען אַהיים? איהר זאָלט נאָר הערען, ווי אַזוי זי בעט... איהר געוויין קען איך ניט איבערטראָגען.

נחמה (אויפֿגערעגט). נו, זאָל טאַקי שטאַרבען אייער אייניקעל. וועט אייך גרינגער זיין. מיין פֿייוועלע האָט געמעגט שטאַרבען? איך האָב נאָר די צייהנער צונויפֿגעפּרעסט. געשוויגען... זאָל אויסגעהן די גאַנצע וועלט... ווער איז איצט אונזער קיסר? דער הונגער. טאָ שווייגט. לאָמיר שוויייגען. לאָמיר אויפֿעסען דאָס לעצטע ברויט און לאָמיר אַריינלאָזען דעם קיסר. מיר וועלען שטאַרבען. ווער פֿריהער, ווער שפּעטער. זוכט אייך מיטלען, אפֿשר וועט איהר זיין די לעצטע, נאָר מיך טשעפּעט ניט. ברעכט מיר ניט מיין האַרץ. אַוועקט פֿון מיר. איך טרינק מיר מיין אייגענעם סם.

אָסנת. איך האָב פֿאַר אייך מורא, נחמה.

נחמה (האָט זיך איראָניש צולאַכט). פֿאַר וועמען? פֿאַר מיר? פֿאַר מיר? (זי האָט זיך נאָך אַ מאָל צולאַכט, נאָכדעם מיט גרימצאָרן) שטעלט מיר פֿריהער אַריין אייזערנע צייהן, וועט איהר מורא האָבען. איך וועל בייסען. גיעט מיר פֿריהער אַ שטאַרק האַרץ, אַ פֿעסטע נְשָׁמָה און נאָכדעם שרייט: איך האָב מורא פֿאַר נחמה'ן. וועל איך אָנכאַפּען דעם הונגער פֿאַר'ן גאָרגעל און וועל איהם אַ וואָרף טהאָן צו די שטאַרקע, ווי מען וואַרפֿט אַ גרויסען שטיין אין אַ טייערן שפּיגעל. אָדער גיעט מיר אַ ברייטען האַלז, — אָט וועט איהר האָבען וואָס מורא צו האָבען. איך וועל אַ געשריי געבען אַזוי, אַז די מענשען וועלען דערציטערט ווערען...

אָסנת (דערשראָקען). עפּים איהר, דאָרט (מאַכט אַ בעוועגונג) אַנדערש, — נאָר מיר וועלען אַלע אַראָב פֿונ'ם זינן.

נחמה. איך זאָג אייך, — איך טרינק מיין אייגענעם סם.

(עס געהט אַריין בערמאַן און שם. בערמאַן איז אין אַ אַלטען פּוטער, — אַרום האַלז אַ רויטער שאַרף. אין די הענד האַלט ער אַנ'אַלט ווייבערש רעקל. שם טהוט זיך אוים און זעצט זיך בעבען פֿייער-טאָפּ. ער האַלט דעם סדור אין די הענד).

בערמאַן (פֿערוואונדערט). ס'איז דאָ וואַרים. אָח־אָי! און אין גאַס שנײַדט עס — כּמעט עס שנײַדט. דער ווינד וואַרפֿט פֿון די פֿיס. (ער נעהמט אַראָב דאָס פֿוטער, דעם שאַרף און קרעכצט) די בײנער זענען מיר איבערגעפֿרוירען, — אָט אַזאַ פֿראָסט איז איצט... וואו איז מונה? (ער בעקוקט דאָס רעקל).

נחמה. ניטאָ נאָך מונה. וואָס האָט איהר דאָס היינט עפּיס געהאַנדעלט?

בערמאַן (קנייטשט מיט די פּלייצעס). כ'פֿרעג אײַך. ס'זאָל מיך אַזוי וויסען בײז. מ'האָט שוין אַלצדינג אויספֿערקויפֿט, וואָס בײַ עמיצען איז געווען. אַ וואַרים לײַבעלע — וועמען טויג עס? ס'איז איצט פּונקט דער מַקח צוויי גראָשען, און איך האָב דערפֿאַר פֿונפֿצעהן קאָפּיקעס בעצאָהלט. אָח־אָי אָי, נחמה'ניו, שלעכט אויף דער וועלט.

נחמה. איך האָב שוין אויך פֿערקויפֿט, וואָס איך האָב געהאַט.

בערמאַן (הענגט דאָס רעקל אויפֿ'ן טשוועק). אָח־אָי־אָי! מען זאָגט, אין דער תּורה שטעהט געשריבען וועגען דעם הונגער. געהסט אין גאַס און הערסט נאָר כּסדר: קריזיס, קריזיס; און איך ווייס ניט, וואָס די תּורה שרײַבט וועגען דעם הונגער. עפּיס אַ מענש האָט מיר דערצעהלט. (ער געהט צו צו שם'ן און טײַט מיט'ן פֿינגער אין זײַן סדור) לייענט נאָר, שם, וואָס עס שטעהט. איך בין אַ פּראָסטער מענש, נאָר עס שטעהט אַזוי: „עס וועט קומען אַזאַ ווינטער, ווען אַלע מענשען, וויפֿיעל ס'איז דאָ אָרימע לײַט, וועלען שטאַרבען פֿאַר הונגער; און שוואַרץ וועט ווערען דער הימעל און עס וועט זיך גיסען אַ שטיינערנער רעגען". אָח־אָי־אָי! אָט אַזוי שטעהט געשריבען. „און אַלע חיות און בּהמות וועלען שטאַרבען פֿאַר הונגער. און אַלע פֿויגלען, אי די וואָס פֿליהען. אי די וואָס קענען ניט פֿליהען, וועלען שטאַרבען פֿאַר הונגער, און עס וועלען בלײַבען אויף דער וועלט נאָר די רײַכע". אַזוי שמועסט דער עולם. אָח־אָי־אָי. אָח־אָי־אָי!

שם. דאָס שטעהט ניט אין דער תּורה, נעהמט צו די האַנד...

בערמאַן. ס'קען זײַן אַז נײן. איך בין אַ פּראָסטער מענש און פֿערשטעה ניט אין די הייליגע ספֿרים. ס'האָט מיר איינער אַן'אַלטער דערצעהלט. עפּיס אַ שטערן זוכט מען אויפֿ'ן הימעל מיט אַנ'עק. אָח־אָי־אָי. אָט וואָס איך וועל אײַך זאָגען. (ער הייבט דעם פֿינגער אין דער לופֿט) ס'אַ פֿינסטערע וועלט, און אַ פֿינסטער



לעבען. (ער זעצט זיך אויף די פֿיס נעבען פֿײַער־טאָפּ און וואַרימט די הענד. אָסנת געהט צו צו איהם.)

אָסנת. כ'האָב געוואָלט בײַ אײַך בעטען, בערמאַן... וואָס ניט איז...

בערמאַן. וואָס ווילסטו, אַלטינקע? בעטען. איך קען בעסער פֿון דיר. עס העלפֿט ניט, אַלטיטשקע. דאָס גאַנצע לעבען מײַנס בעט איך, כ'האָב שוין בעקומען אַ געשליפֿענעם צונג, — עס העלפֿט ניט, נײן, נײן, אָח־אָי־אָי. עס וועט דיר אויך ניט העלפֿען. האָסט געזעהען אַ געלערנט הינטעלע? — אַזוי טהו איך אויך: איך לעג זיך אַזוי און אַזוי, איך שטעה אויף די הינטערשטע פֿיסלעך, איך טאַנץ אויף אַ שטריקעל, — עס העלפֿט ניט.

אָסנת (געהט צו צו שם'ן). נו, און איהר, שם? וואָס ניט איז?..

נחמה (וואַקעלט זיך אַביסעל). נעהמט, באָבעניו, אַ שטיקעל ברויט.

שם. קוק אויף מיר ניט, אָסנת. — בעט ניט: אַ וועכטער איז קיין גביר ניט, מיך טשעפּע ניט, אָסנת.

אָסנת. ברויט איז אויך עפּיס. אוי, נחמה'ניו... נו, כ'וועל שוין געהן. געהט אַרײַן, נחמה, צו פֿערקע'ן. אָט דאָרט וועט איהר זעהען. (צו שם'ן) און ברוגז בין איך אַלץ ניט. וועה טהוט מיר, אָבער ברוגז אויף די מענשען בין איך ניט, חי־חי. נײן, נײן, חי־חי. (זי געהט אַרויס. נחמה קוקט איהר נאָך.)

נחמה. אָט אַזוי, פֿעטער, שטאַרבען מענשען פֿאַר הונגער שטיל, אָהן געפּילדער. איהר קליינינקע ליעגט שוין אויך. (שם איז פֿערטיעפֿט אין סדור, ער ענטפֿערט ניט. נחמה נעהמט אַראָב דאָס קעסעלע פֿונ'ם פֿײַער־טאָפּ און נעהמט אַרויס די קאַרטאָפֿעל.)

בערמאַן (האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע אַ זויערע אוגערקע און אַ שטיקעל שוואַרץ ברויט). מ'האָט נאָר וואָס דערצעהלט אין קלייטל, אַז מ'האָט אויפֿגעהייבען אין גאַס אַ הונגעריגען... געגאַנגען אַ מענש און געפֿאַלען... (ער עסט). קענטיג, אַ פֿיינער מענש, מיט אַ באָרד, זאָגט מען, געגאַנגען און געפֿאַלען. (שווייגט אַ ווײַלע) עמיצער האָט איהם געגעבען אַ שטיקעל ברויט... האָט ער זיך צוויינט. אָח־אָי־אָי.

בעטקע. מאַמע, זאָל ער ניט דערצעהלען. איך האָב מוראָ

בערמאַן. מען דאַרף ניט מורא האָבען... אַז ניט וועט נאָך ערגער זיין. פּרוּף נאָר, געה זיך דורך איבער'ן מאַרק, בעטקע.

נחמה. (צו שם'ן) און איהר וואָס שווייגט, פּעטער? אייך האַרט גאָר ניט? איהר דאַווענט אַליין — נאָך ניט נמאס געוואָרען? געהט בעסער אין גאַס און רופט צונויף דעם עולם. וואָס האַ'ט איהר אַליין דעם ספר פאַר די אויגען? נאָך וואָס דאַווענט איהר, פאַר וועמען דאַווענט איהר?

שם (רוהיג, נאָכדעם אויפגערעגט). יעדער האָט דאָ אויף דער וועלט זיין שליחות, נחמה. דאָס ווילסטו ניט וויסען. דיר איז אָנגעצייכענט מוטשען זיך, מיר — דאַווענען. יענעם שרייען... נעהם אָן וואַסער אין מויל, וועסטו זיך אויך עפּיס אייסלערנען פערשטעהען. ווער הערט אַז מענשען שרייען, ווער הערט אַז זיי ליידען? מיינסט: מענשען? ער הערט, דער רבונו של עולם. צו איהם ווענד זיך מיט דיין פּנים, פערמאַך די אויגען און שטעל זיך אויף די קניה. ווילסט שרייען. דערוויערג דיין געשריי, — דערווערג איהם גיכער, דערוויערג. זעה, אָט איז אָבגערייניגט דיין וועג און דו געהסט אין גלייכען וועג. געהסט, וואוהין מען דאַרף. האָב ניט מורא. עמיצער קרעכצט, עמיצער וויינט, — הער זיך איין. מיינסט — ס'איז דו? ס'איז ער. אין איהם איז דער וועהטאָג, אין איהם איז די פּיין...

נחמה. רעדט מיר ניט. פּעטער. קוקט אויף מיר ניט אַזוי מיט אייערע אויגען. עפּיס ווערט רוהיגער אויפ'ן האַרץ און עס ווערט ווייכער די נשמה. שוואַך ווערט מיין נשמה... (זי קעהרט זיך אָב פון איהם). אַז איך קען אָבער ניט... (אויפגערעגט) ער. אַליין — ער. וואו איז ער? וואו? גיט מיר איהם אַהער. זאָל ער קומען אַהער, וועל איך מיט איהם ריידען. איך. פרעגען וועל איך איהם. איך וועל איהם זאָגען: דו, שטאַרקער גאָט, אַלמעכטיגער, וואָס דו טהוסט זעהען אַלצדינג, פאַר וואָס האָסטו אָבגעקעהרט דיין פּנים פון אונז? פאַר וואָס טהוסטו שיינען מיט חסד און מיט רחמים נאָר צו די שטאַרקע, צו די אויסדערוועהלטע? פאַר וואָס איינע גיעסטו אַלצדינג: אי געלד, אי געזונד, אי אַ וואַרימע שטוב, און דעם טויט שיקסטו זיי זעלטען, און ביי אונז האָסטו צוגענומען אַלצדינג, ביי אונז האָסטו אויסגעריסען אפילו די האָפנונג? פאַר וואָס אַז דו רעדסט פון מענשען, מיינסטו זיי, און אונז האָסטו געמאַכט נידעריגער פון שטויב? און זאָל ער מיר



ענטפערן וואָס ער וויל, איך וואָלט איהם געזאָגט: אַ שווינדלער ביסטו. ניט קיין שטאַרקער, קיין אַלמעכטיגער, נאָר אַ שוואַכער, אַ צוויי־פּנים'דיגער, מיט אַ פאַלש האַרץ, מיט אַ פאַלשער נשמה, די גאַנצע וועלט וואָלט איך גערופען פאַר עדות — אַלע די וואָס ליידען אויף דער ערד. און איך וואָלט איהם געזאָגט: אַוועק פון אונז, דו פאַלשע צונג, דו ליגנערישע האַרץ. אַוועק פון אונזערע אויגען, דו גבירי'שער משרת, דו אונטערלעקער ביי די רייכע...

בערמאַן. אָח־אָי־אָי, בערמאַן... וואָס מיר האָבען זיך דערלעבט... בערמאַן, בערמאַן...

שם (האַרט). איך הער ניט, נחמה, זאָלסט וויסען, אַז איך הער ניט.

בערמאַן. זאָגט איהר עפּיס, שם. מען קען דאָך ניט... זאָל זי צו זיך קומען. איך האָב אַליין גענוג צרות, נאָר איך געה אַרום מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען. מיין צונג איז אַראָבגעלאָזט צו דער ערד.

שם (פעסט). לאָמיר שווייגען... (ער פערטיפט זיך אין סדור. נחמה געהט צו צום בעט און הויבט אָן אויסטהאָן די שלאָפענדיגע קינדער. עס קומט אַריין שמעון און מירה. מירה איז אויפגערעגט.)

מירה. זיי זיצען זיך רוהיג. איהר ווייסט דען ניט, וואָס עס טהוט זיך אין הויף. קונה געהט אויס.

נחמה. כ'האָב שוין געהערט, מירה. מ'האָט מיר דערצעהלט.

בערמאַן (זיפצט). דער הונגער איז איהם דערגאַנגען דאָס לעבען.

מירה. דער גאַנצער הויף האָט זיך צונויפגעקליבען ביי זיין טהיר. די ווייבער וויינען. ס'אַ געשריי... און פּערקע... איך האָב נאָר אַ קוק געגעבען אין פענסטער, האָט עס מיר אַ קלאַפּ געגעבען אין קאָפּ. דער אָטעם האָט מיר פערחאַפּט.

שמעון (צו מירה'ן). דו זעהסט, ס'איז דאָ גאָר ניט. קום.

מירה (האָט זיך געזעצט אויפ'ן בעט און קושט נחמ'לען). איך וויל ניט געהן. איך האָב חרטה (זיפצט).

נחמה. וואוהין וועט איהר איצט געהן, שמעון? טהוט אויס דעם מאַנטעל.

שמעון. פערשטעהט איהר מיך, נחמה. זי איז די גאַנצע צייט געזעסען ביי ראָזען, און מיר האָבען צווישען זיך ניט אויס־

געֶרעֶדט קיין וואָרט. איהר פֿעֶרשטעֶהט? מעֶן קעֶן דאָך פֿאַר פֿרעֶמ־דעֶ ניט רעֶדעֶן, וואָס מעֶן וויל. (צו מ י ר ה'ן. מיט געֶבעֶט) האָסט זיך מיר צוגעֶזאָגט, מירה.

מירה (אונגעֶדולדיג). נו, האָב איך צוגעֶזאָגט, איצטער האָב איך חֲרָטָה. העֶר שוין אויף, איך בעֶט דיך, מיט דיין „פֿעֶרשטעֶהט איהר מיך". (זי טהוט אויס דעֶם שאַל).

שמעון (פֿעֶרשעֶמט). כ'וויל טאַקי אויפֿהעֶרעֶן... אפשר שפּעֶטעֶר אַביסעֶל וועֶסטו געֶהן, וועֶל איך צו וואַרטעֶן, חאָטש איך דאַרף מאָרגעֶן אָבגעֶבעֶן דאָס שטיקעֶל אַרבייט. (עֶר נעֶהמט אָהן חֵשֶק אַראָב דעֶם מאַנטעֶל).

מירה (צעֶרשטרייט). ס'קעֶן זיין... איך ווייס? נחמה, וואָס איז עֶפּיס מונה ניטאָ? וואו קעֶן עֶר זיין?

נחמה. וואָלט איך וויסעֶן... (זי האָט זיך אויפֿגעֶהייבעֶן און אַוועֶקגעֶשטעֶלט נעֶבעֶן פֿייעֶר־טאָפּ אַ ביינקעֶל). זעֶצט זיך אָט דאָ שמעון, וועֶט איהר זיך דעֶרוואַרימעֶן.

שמעון. איך האָב ניט מורא פֿאַר'ן פֿראָסט. ס'איז מיר ניט קאַלט.

מירה. איך האָב געֶבראַכט צוקעֶר, נחמה... (זי קוקט זיך אַרום, ווי זי זוכט עֶפּיס) און גבאַי איז נאָך אויך ניט געֶקומעֶן?

דוד (פּלוצים). זעֶה נאָר: זי איז רויט געֶוואָרעֶן...

נחמה. זאָל זיין שטיל, דוד. אַזוינעֶ ווערטעֶר טאָר מעֶן ניט רעֶדעֶן.

מירה (שטאַרק רויט. שטעֶהט אויף) איך בין רויט געֶוואָרעֶן? קום נאָר אַהעֶר, שמעון. טהו אַ קוק. איך בין רויט געֶוואָרעֶן?

שמעון (מורמעֶלט). ווייס איך וואָס, נאַרישקייטעֶן...

מירה (מיט אַ קול פֿון בעֶפֿעֶהל). קום אַהעֶר, איך וויל אַזוי... כ'וויל אַליין וויסעֶן, צו בין איך רויט געֶוואָרעֶן?

בערמאַן. אָט דאָס מיידעֶל וועֶט נאָך ווען עֶס איז אַראָב פֿונ'ם זינעֶן. אָח־אָי־אָי!

שמעון (איז צוגעֶגאַנגעֶן). אַ קאַפּיטשקעֶ, מירה... נאָר דאָס איז גאָר ניט... נאָר אַ ביסעֶלעֶ.

מירה. ס'אַ ליגעֶן. איז דאָס דעֶן מעֶגליך, איך זאָל רויט וועֶרעֶן אַז איך זאָג: גבאַי?

שמעון (פֿאַרזיכטיג). מיר דאַכט זיך, מיר דאַרפֿעֶן וועֶגעֶ דעֶם ניט רעֶדעֶן. עֶפּיס קומט אויס ניט שעֶהן. איך זאָג ניט גאָר



ניט... פֿעֶרשטעֶהסטו מיך, עֶפּיס פּאַסט דאָס ניט.

מירה (האָט אַ קוק געֶגעֶבעֶן אויף איהם. גיך). נו, גוט. זעֶץ זיך דאָרט, ניין, אָט דאָ. נחמה, גיב מיר דיין קעֶמעֶל, כ'וויל ־ וקעֶמעֶן די האָר.

נחמה (גיט איהר). בעֶרמאַן, טראָגט אַריין אַנ'עֶמעֶר וואַסעֶר. ס'איז דאָ צוקעֶר, וועֶל איך אויפֿקאָכעֶן טהעֶע.

בערמאַן. גיט אַהעֶר, אָח־אָי־אָי. (עֶר טהוט זיך אָן און געֶהט אַרויס.)

מירה (געֶהט אַרויס איבעֶר'ן צימעֶר און צוקעֶמט די האָר). און דעֶר פֿעֶטעֶר—אַלץ איבעֶר'ן סדור? לייעֶנט מיר עֶפּיס, פֿעֶטעֶר, פֿון די הייליגעֶ סְפָרִים. (זי קוקט אַריין אין סדור)

נחמה (צו ש מ ע ו נ'עֶן). וואָס העֶרט זיך ביי אייך, שמעון? אַרבייט האָט איהר?

שמעון. ניש'קָשֶׁה. איך האָב קיינמאָל קיין טענות ניט. נאָר וואָס... (עֶר האַלט זיך איין). אַביסעֶלעֶ מעֶהר, אַביסעֶלעֶ וועֶניגעֶר. אָהן קיין שיך בעֶגעֶהט מעֶן זיך ניט. איך פֿעֶרדיעֶן מיר היינט אויך מיינעֶ זעֶקס־אַכט רובעֶל אַ וואָך. אַ זאַגאָטאָוושציק איז שטעֶנדיג גוט. ס'איז אַ קריזיס, און איך פֿיהל איהם גאָר ניט. נאָר וואָס... (עֶר האַלט זיך איין) איהר פֿעֶרשטעֶהט וואָס איך מיין? (עֶר ווייזט אויף מ י ר ה'ן) נאָר מעֶן מוז ליידעֶן...

נחמה. וואָס קעֶן מעֶן מיט איהר מאַכעֶן?

מירה. לייעֶנט עֶפּיס, פֿעֶטעֶר, וואָס עֶס שטעֶהט אין די סְפָרִים. נאָך וואָס, — ווייס איך אַליין ניט, איך וויל אַזוי.

שם (קוקט אויף איהר מיט ליעֶבשאַפֿט). איך וועֶל דיר דעֶרצעֶהלעֶן אַ מַעֲשה פֿון אַ מיידעֶל, וואָס האָט געֶהייסעֶן — מירה. אַזוי וועֶט זיין בעֶסעֶר.

מירה (נייגיעֶריג). דעֶרצעֶהלט.

שם. זי האָט געֶהייסעֶן מירה... זי האָט ניט געֶוואוסט, וואָס זי וויל פֿון דעֶם לעֶבעֶן, און קיינעֶר האָט דאָס ניט געֶוואוסט. אָט דאָס איז דעֶר עיקר. אָט דאָס...

מירה (אויפֿגעֶרעֶגט). פֿעֶטעֶר. פֿון וואַנעֶן ווייסט איהר אַלצדינג? (זי עֶנטשליסט זיך שנעֶל). שמעון, טהו זיך אָן און געֶה פֿון דאַנעֶן. טאַקי באַלד. (מיט טרעֶרעֶן אויף די אויגעֶן) געֶה, און זאָלסט שוין מעֶהר אַהעֶר ניט קומעֶן.

שמעון. אָט האָסטו דיר... (מאַכט מיט די העֶנד. אויפֿ־

גערעגט). זעהסטו, דאָס איז שוין ניט שעהן, אויף מיין וואָרט. צוויי יאָהר געה איך אַהער, און דו האָסט מיר אַזוינס ניט געזאָגט. אויף מיין עהרען-וואָרט, ס'איז ניט שעהן. יעדער וועט זאָגען: זי לאַכט פון שמעון'ען. איך בין ניט ברוגז, ס'איז אָבער פאָרט ניט שעהן... פאַר דיר אַליין. וואָס זשע ווייַנסטו? (אָבהענדיג) וואָס זשע ווייַנסטו? נחמה, איהר זעהט? דאָס איז שווער צו פערשטעהען. דאָס איז שוין גאָר שווער צו פערשטעהען. (גיך, צו מירה'ן) נו, גוט, נו, אָט טהו איך זיך אָן, אָט געה איך שוין...

מירה (ווישט די אויגען האָט זיך צולאַכט). אוי האָב איך אויף דיר רהמנות.

שמעון (שלאָגט איהר איבער די רייד). אָט דאָס דאַרפסטו מיר ניט זאָגען.

מירה. פערשטעהסטו מיך, רחמנות. איך וועל געהן מיט דיר. גיעב מיר מיין לייבעל גיכער, אַז ניט וועל איך חרטה האָבען (פערצווייפעלט) ניין, איך האָב שוין חרטה...

שמעון (האַלט דאָס לייבעלע אין די הענד. פערוואונדערט). אַזאַ מאָדנעם מענשען, ווי דו, האָב איך נאָך גאָר ניט געזעהען. פערשטעהסט, — איך שווער דיר...

מירה (פערצווייפעלט). וואָס זשע וויל איך? איך האָב געלאַכט. יאָ, איך האָב געלאַכט. איך... ס'איז מיר שווער... איך מוטשע זיך אַזוי. (האָט זיך צוויינט. זיך איינגעהאַלטען. אונגעדולדיג) פעטער! (געהט צו צו איהם). איך וויל וויסען, וואָס שרייבט זיך דאָ. (טייט מיט'ן פינגער אין סדור) כאָטש אָט דאָ...

שב (איינפאַך). דאָ שטעהט געשריבען, אַז ס'איז אַלעס אין אָרדנונג, אַלעס, ברוך השם, אין אָרדנונג.

מירה. אויב אַזוי, בין איך צופרידען... איך בין צופרידען, שמעון... עס הערען זיך טריט אין קאָרידאָר. עס געהט אַריין בערמאַן מיט אַנ'עמער וואַסער אין האַנד און גבאי. ווען גבאי געהט אַריין, זעצט זיך מירה נעבען שמעונ'ען.

בערמאַן. נו, אָט האָט איהר וואַסער. אָח-אָי-אָי. און דער פאַרשוין איז אויך דאָ.

נחמה. גיעט מיר דעם עמער. (זי נעהמט ביי איהם דעם עמער און טראָגט איהם אַוועק אין ווינקעל. געשטעלט אַ קענדעל אויפ'ן פייער-טאָפּ).

בערמאַן (צו גבאי). איהר שווייגט. רעדט אָקאָרשט...



איך פרעג אייך: וואָס האָט איהר צו מיין אַלטען קאָפּ. דער אַלטער קאָפּ מיינער — אָט האָט איהר. (קלאַפּט מיט'ן פינגער איבער'ן טיש).

שמעון. וואָס איז אייך געשעהען, בערמאַן? גוטען אָבענד, גבאי.

גבאי. גוטען אָבענד. (נעהמט אַראָב דעם מאַנטעל און געהט אַרום איבער'ן צימער).

בערמאַן. (קוקט איהם נאָך אויפגעבראַכט). און ער איז נאָך דערצו אַ מענש מיט ביכלעך. זאָגט איהר, שב, (שפּאַרט זיך אונטער די זייטען מיט די הענד) וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט: בונט? אַ? אָח-אָי-אָי. ס'אַ מין וואָרט. אַ? שעמען מעגט איהר אייך, יונגער מאַן.

שב. אָט אַזוינע מאַכען אַ תל פון כלל-ישראל. אָט דאָס איז אמת'ע שונאים פונ'ם כלל. אַהער קוקען זיי ניט אַריין (ווייזט אויפ'ן ספר). וואָס טויג דאָס זיי?

גבאי. (לאַכט. ער האָט זיך אַוועקגעלעגט אויפ'ן פּאָדלאָגע און אונטערגעלעגט אַ קישעלע אונטער'ן קאָפּ). און וואָס שטעהט עפּיס אין אייער ספר אַזוינס, וואָס ס'טויג פאַר לייטען?

שב. בויג אָן דעם קאָפּ, — אָט וואָס עס שטעהט.

גבאי. אהאַ. און אין מיינע ספרים שטעהט: קעמפף! (ער הייבט זיך אויף, נעהמט דעם מאַנטעל, נעהמט אַרויס אַ ביכעל און פערטיעפט זיך אין דעם). דאָס איז אַביסעלע בעסער.

מירה. וואו זשע איז דער אמת?

שמעון. דאָס איז שוין ניט אונזער עסק.

בערמאַן (שטעהט אַלץ, אונטערגעשפּאַרט די זייטען). אַ שלאַנג איז מיר ליעבער. אַ שלאַנג לאָזט אַ גיפט, נאָר אָהן ווערטער. איהר שווייגט, גבאי? אַזוי טהוען מענשען? אָח-אָי-אָי. איך געה, הייסט עס, שב, איבער'ן הויף. נעבען פערקע'ן וואָס עס טהוט זיך — זאָל גאָט היטען. ס'איז דאָ אַ סך וואָס צו דערצעהלען, נאָר איך וועל בעסער שווייגען... איך געה מיר, און אויפ'ן האַרצען איז ביטער, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין... טראַכט איך מיר: רבונו של עולם, וואָס האָסטו זיך געטראַכט, ווען דו האָסט בעשאַפען די וועלט מיט די מענשען. האָסט דאָך געקענט בעסער מאַכען, און האָסט געמאַכט אַזוי. פאַר וואָס? האָסט בעשאַפען אַ קעלט, אביונים, אַ הונגער, האָסט בעשאַפען

פּערקע׳ן. אויסגעטראַכט צרות. יועהטאָגען, קרענק, דעם מענשענס כּיף. דאַכט זיך, האָסט געקענט אויסטראַכטען עפּיס אַ בעסערס, און צום סוף האָסטו אויסגעטראַכט אַזאַ מין...

שם (שלאָגט איהם איבער די רייד). בעסער וואָלט איהר אַנשוויגען געוואָרען. (שפּײַט)

בערמאַן (הערט ניט). איך בין אַ פּראָסטער בשר ודם, נאָר אפילו איך וואָלט אויסגעטראַכט עפּיס אַ קליגערע זאַך. געמאַכט אַ מענשען, וואָלט איך איהם געמאַכט פון שטאָהל, צו פון גאָלד. כ׳וואָלט איהם ניט געמאַכט קיין מאָגען, ער זאָל ניט װעלען עסען, כ׳וואָלט איהם קיין האַרץ ניט געגעבען, און אויב יאָ, וואָלט איך עס געמאַכט פון קופּער צו פון אײַזען... כ׳וואָלט שוין געפונען אַ פּלאַן. און איך טראַכט מיר פאַר זיך: ביזט אַ שוטה, בערמאַן. אָח־אָי־אָי, אַ מין שוטה. קענסטו דען פערשטעהען, וואָס ער האָט דערמיט געמיינט? מסתמא דאַרף מען ליידען... מסתמא איז אַזוי בעסער און מען דאַרף ניט פרעגען. שווײַגען דאַרף מען.

מירה. וואָס ציהט איהר די נשמה, בערמאַן?

בערמאַן. געה איך מיר אַזוי און טראַכט אַלץ וועגען דעם ענין, און אויפ׳ן האַרצען איז מיר אָנגעזאַלצען, פינסטער חושך איז בײַ מיר אויפ׳ן האַרצען... דאַרף איך בעגעגנען אָט דעם שד...

נחמה (שלאָגט איהם איבער). דאַכט זיך, מונה געהט.

בערמאַן (הערט ניט). גוטען אָבענד, זאָג איך איהם...

(גבאי לאַכט. עס געהט אַרײַן מונה. דאָס היטעל אויף אַ זײַט, די אויגען ברענען. ער האַלט זיך ניט פעסט אויף די פיס).

בעטקע. דער טאַטע געקומען. דער טאַטע!..

בערמאַן (האָט זיך אומגעקוקט). אַ, מונה... נו, גענוג — נו, גוט. (מאַכט מיט דער האַנד, זעצט זיך אויף דער פּאָדלאָגע נעבען פײַער־טאָפּ).

מונה. דער טאַטע. ס׳איך, בעטקע... קום אַהער, גיב מיר אַ קוש. קיינער זאָל ניט טשעפּען. איך וויל זיך קושען מיט מײַן טאָכטער. גוטען אָבענד.

נחמה (פּלעסקעט מיט די הענד). דו ביסט שכור, מונה? ווייטער זיך אָנגעטרונקען?

מונה. דאָס האַרץ איז בײַ מיר שכור. פון כּעס בין איך שכור. וואָס איז בראָנפען? האַ, וואָס זאָגט איהר, שם? איהר ווייסט ניט? פאַר אַ שטיין איז בראָנפען אויך וואַסער. פאַר אַ



פערביטערט האַרץ איז דאָס אַ שווערד. איך וויל אַרומגעהן מיט אַ שווערד... (נחמה זעצט זיך אַוועק פערצווייפעלט אָן אַ זײַט און קוקט אויף איהם).

שמעון. בערוהיגט אײַך, מונה.

מונה. אַהאַ, ס׳איז שמעון. דאָס איז גוט, וואָס דו ביסט דאָ. אויף מײַן עהרען־וואָרט, שוסטער.

גבאי. לעגט איהם שלאָפען, נחמה.

מונה. איך האָב טאַקי אויסגעטרונקען, און פאַר וואָס זאָל איך טאַקי ניט אויסטרינקען, אַז עס קאָסט גאָר ניט? אַ גאַנצען טאָג, שמעון, בין איך אַרומגעלאָפען, ווי נעכטען, ווי פריהער מיט אַ חודש. אַלע טירען פערמאַכט. ניטאָ קיין טירען... בין איך געגאַנגען און געפרעגט בײַ לײַטען: אָט דאָס איז דער אמת? וואָס אמת? דער הונגער! דער הונגער! (אין ווילדען כּעס) אָט איז ער. די שטיוועלעך זײַנע אונטערגעקאָוועט. דין איז ער, ווי אַ חלף... אַ פּנים פון אַ בייזער חיה... ער געהט און רײַסט אויס מיט די צײַהן שטיקער פלייש בײַ די מענשען... מיט בלוט... דער פּיסק זײַנער איז פערבלוטיגט (ער סטראַשעט מיט די פויסטען).

בעטקע. ווידער אַ מאָל. מאַמע, כ׳האָב מורא פאַר איהם.

מונה. פאַר מיר? (לאַכט) קיינער האָט פאַר מונה׳ן ניט מורא. ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ מענש. וואָס זאָל זאָגען: כ׳האָב מורא פאַר מונה׳ן, מונה איז געוועזען אַ טרום און בלייבט אַ טרום. אַ הונד אָהן צײַהן איז מונה, אָט וואָס.

נחמה (מיט געבעט). לעג זיך, מונה. די פיס ציטערן בײַ מיר פאַר שרעק, פאַר עגמת־נפש ציטערן זיי. געה לעג זיך.

בערמאַן. אַ שלעכטען סוף וועט איהר האָבען, מונה, אָח־אָי־אָי.

מונה. ניין, נחמה. בעסער בעט ניט. איך בין דען שכור? בין איך? די נשמה מײַנע איז שכור. נאָר די נשמה. (גרויזאַם) גיב מיר וועטשערע, נחמה. אָט אויף די צײַהן איז נאָך הײַנט קיין ברעקעל ברויט ניט געקומען.

נחמה (פינסטער). און בראָנפען?

שם. גיב איהם עסען, נחמה. שפּאַר זיך ניט מיט איהם.

נחמה. זאָל ער זיך נעהמען, אָט דאָ, אויפ׳ן טיש שטעהט.

מונה (געהט צום טיש). וואָס איז דאָ דאָ? קאַרטאָפעל? ברויט? (עסט שטעהענדיג). בראָנפען, זאָגסטו? וועל איך דיר

באַלד דערצעהלען, נחמה. יעדער זאַך האָט זיך זיין סבּה. יעדער זאַך. אינדערפריה בין איך אַרויסגעגאַנגען, ווי שטענדיג. צו איין זוואָד, צום אַנדערן, אויף דער בירזשע, — גאָר ניט. איך לויף אַרום און טראַכט מיר: וועמען זאָל איך פערקויפען מיין כח? פאַר וואָס איז ער קיינעם ניט נויטיג? כ'וועל איהם פערקויפען פאַר אַ גראָשען — נאָר נעהמט.

נחמה. איך בין אויך אַזוי אַרומגעלאָפען און אויך געטראַכט דאָס אייגענע.

מונה (הערט אויף עסען). דו פערשטעהסט, נחמה? דו פערשטעהסט? די קינדער וויינען, פאַר דירה־געלד ניט בעצאָהלט, אין שטוב איז אַ פראָסט, — דו פערשטעהסט? און די קליינע זענען אָפען. אומעטום פערקויפט מען ברויט, קויהלען, פליישׁ (קלאַפּט מיט דער האַנד איבער'ן טיש) ווער זשע האָט עס אונז אַזוי גענאַרט? ווער נויט אונז טראַכטען: דאָס איז דיינס, דאָס איז מיינס? איך בין הונגעריג. די קליינע זענען פול מיט כּל־טוב, — זאָלסט זיך ניט דערוועגען אָנריהרען. שטאַרבען מעגסטו, נאָר אָנריהרען — לאָ! מענשען פאַלען פון די פיס, און קיינעם פאַלט ניט איין צו זאָגען: מיר ווילען מעהר ניט, גענוג.

בערמאַן. לעגט זיך שוין שלאָפען, אָח־אָי־אָי. דער בראָנפען האָט אייך געמאַכט חסר־דעה.

גבאי. שווייגט, בערמאַן, לאָזט איהם קאָנטשען.

מונה. בראָנפען? יאָ, ס'איז אַברהם, ער האָט מיך כּכבּר געוועןֹ, האָב איך אייסגעטרונקען. איך וואָלט זיך איינגאַנצען דערטרינקען אין בראָנפען. וואָס איז, מיר זענען בלינד? (דער פנים ציטערט ביי איהם). איך שטעה אויף און פרעג ביי לייטען: זאָגט מיר, פאַר וואָס דאַרפען מיר ליידען? אַהאַ, איהר ווייסט אַליין ניט?

גבאי. ווער עס וויל ליידען, דער ליידט.

מונה (בייז). קיינער וויל ניט. ס'אַ כּשוף. אָט דאָס איז דער אמת. מענשען, געזונדע, שטאַרקע מענשען, — בערען, ניט קיין מענשען, — געהען שטיל... מען שטיקט זיי, מען טרעט מיט די פיס, — זיי געהען זיך שטיל און... גאָר ניט... (מיט כּח, אויפגעבראַכט) און גאָר ניט...

שם. דעם מענשען איז אָנגעצייכענט איין וועג...

מונה. שווייגט, פעטער. פאַר וואָס זאָל מען ניט אַרויסגעהן אין גאַס און ניט אַ געשריי געבען: מיר ווילען מעהר ניט ליידען!



גבאי. מיר וועלען טאַקי באַלד אַרויסגעהן, נאָר מיר וועלען זאָגען גאָר אַנדערש. וואַרט צו אַ ווייַלע.

נחמה. פאַר וואָס זאָל מען זיך קלאָגען שטילינקערהייט, פאַר וואָס זאָל מען זיך ניט צונויפקלייבען אַלע פון די פאַבריקען, פון די זאַוואָדען, פון די בירזשעס, פון די אָרימע געסלעך און קומען אַהינצו און זאָגען: גענוג. איהר זאַטע און שטאַרקע, אַרויס'ט פון אייער הויפען, אַוועק'ט, איהר בעלי־בּתּים, — אַלעס געהער צום פאָלק. פאַר וואָס?

גבאי. זעהר גוט. נחמה. בעסער האָט מען גאָר ניט געקענט זאָגען... און ניט היינט מאָרגען וועלען מיר געהן...

מירה (אייפגערעגט). איך וואָלט די ערשטע געגאַנגען. כ'וואָלט געגאַנגען פאַר אַלעמען און געפאָדערט: גיעט אָפּ דעם פאָלק זיין ברויט.

שמע'ן. ס'איז ניט אונזער עסק, מירה. מיר דאַרפען וועגען דעם ניט רעדען.

בערמאַן. און איך וועל זיך לעגען שלאָפען. איך וויל דאָס ניט הערען. נו, אַ צייט, רבונו של עולם, אָח־אָי־אָי.

מונה (הערט. זיין פנים ציטערט. די פויסטען דריקען זיך ביי איהם צונויף) פאַר וואָס? אָט דאָס איז טאַקי די גאַנצע שאַלה. קיינער ווייסט ניט, נאָר איך ווייס. טרוסען זענען מיר. מיאוס'ע טרוסען זענען מיר, אָט וואָס. יעדער אָדער איז ביי אונז אַ טרוס, יעדער אבר איז דערשראָקען. אָט די הענד מיינע זענען טרוסען, אָט די אויגען האָבען פאַר אַלצדינג מורא, מיינע קליידער ציטערן פאַר שרעק. וואָרום מיר אַליין זענען זיך גרעסערע שונאים איידער אונזער ערגסטער שונא. מיר אַלע קרעכצען אי אַז ס'איז דאָ אַרבייט, אי אַז ס'איז ניט דאָ, און פרעג: ווער שלאָגט אונז? מיר אַליין שלאָגען איינער דעם אַנדערען, יעדער וויל פאַר זיך: איך האָב מיר מיין ווייב, מיינע קינדער. יענע, די אדונים. זיי זעהען אַזוינע בּרואים, קלאַפּען זיי אונז איבער'ן קאָפּ, און קיין צאָרן שפּראָצט ניט, ניטאָ קיין צאָרן. (גרויזאַם) איך בין שכּור? ס'אַ ליגען. פאַר האַס איז שכּור מיין האַרץ, פאַר האַס געגען אָט די אָדערן, געגען אָט די אברים. נעהמט אייך אָט דאָס נמאס'ע האַרץ, צוריייסט עס אויף שטיקלעך, — וועל איך לאַכען. אָט אַזוי, אָט אַזוי, אַזוי קומט איהם. זיי ניט קיין טרוס, — זיי ניט. (ציטערט. זעצט זיך אויפ'ן שטוהל. פויזע).

גבאי. ווען אַלע זאָלען אַזוי פֿיהלען...

שמעון. ווּעסט געהן, מירה? (ער וויל אויפֿשטעהן).

מירה. ניין, — זיץ. איך האָב פֿריַער געאָטעמט. איך וויל זיך אָנעטעמען.

נחמה. לעג זיך, מונה. טהו אַ קוק אויף זיך. האָסט גאָר ניט קיין פּנים פֿון קיין מענשען.

מונה. מען דאַרף ניט האָבען קיין פּנים. לעג מיך וואו ניט איז. (זי בעט אויס אויף דער פֿאָרלאָגע נעבען פֿענסטער.)

נחמה (ביי דער אַרבייט). זעהט איהר, פֿעטער, וואָס פֿאַר אַ לעבען איך האָב. ווען ניט מיין געדולד... (מאַכט מיט דער האַנד) געה, לעג זיך, מונה.

מונה (פֿריעדליך). איצט האָב איך זיך שוין אויסגעוועבט אינגאַנצען. זיי ניט ברוגז, נחמה. איך בין אַזוי מיעד, נחמה. איך בין געווען אַ געזונדער אַרבייטער, און וואָס איז פֿון מיר געוואָרען. זיי ניט ברוגז. דו ווייסט, ווי אַזוי איך האָב ליעב דיך מיט די קינדער. ניט איך טרינק, די צָרות מיינע טרינקען. (ער גע־ט און שאָקעלט זיך, לעגט זיך אויף דער פֿאָרלאָגע) און לעבען דאַרף מען דאָך מאָרגען אויך, און איבערמאָרגען.

נחמה מיינסט ס'איז מיר גרינגער פֿון אָט די ווערטער, מונה? איך בין געוואָהנט געוואָרען צו מיין פּעקעל, אמת. איך בויג דעם רוקען, אַ מענש איז אָבער ניט פֿון אייזען. ניט פֿון אייזען, מונה. — זאָלסטו דאָס וויסען. איך האָב חתונה געהאַט פֿאַר דיר — האָב איך אויך אָנגעבויגען דעם רוקען... דו ביסט מיר ניט געווען צום האַרצען, אַנ'אַנדערער איז מיר געוועזן געפֿעלען, — דו ווייסט דאָס. ניט איך האָב חתונה געהאַט. דאָס מזל מיינס האָט חתונה געהאַט. געדענק זשע, מונה, אַ מענש איז ניט פֿון אייזען. (מונה האָט אָנגעהויבען כראָפּען).

שם. טאָרסט איהם דאָס ניט זאָגען, נחמה.

נחמה. (פֿערטיעפֿט אין געדאַנקען). ווער קען איבערצעהלען מיינע טרערען? וואו זענען מיינע טרערען? (זי זיצט אַ דערשלאָגענע. פּויזע. עס הערט זיך אַ געוויין. אַלע שפּרינגען אויף פֿון די ערטער. עס לויפֿען אַריין עטליכע ווייבער. דורך דער אָפֿענער טהיר זעהט זיך אַרויס דער לאַנגער קאָרידאָר, וואוהין עס האָבען זיך אַריינגעשפּאַרט די שכנים. איינציגע לויפֿען. עס הערען זיך געשרייען: „קונה איז געשטאָרבען!").



נחמה (לויפֿט צו צו דער ערשטער שכנה). גאָט איז מיט אייך. גאָט איז מיט אייך.

די ערשטע שכנה. נחמה'ניו, מאַמע מיינע. געשטאָרבען, נעבעך.

נחמה און מירה. געשטאָרבען.

די ערשטע שכנה. געשטאָרבען, טייערע מיינע. (שעפּצעט מיט גרויס היץ) פֿאַר הונגער. מ'האָט איהם אפֿילו ניט געראַטעוועט, ניט געגעבען עסען. קיין גראָשען איז ניט געווען. צרות אונזערע גרויסע.

נחמה. אַ שלים־מזל'ניצע די פֿערקע. אַז אָך און וועה איז איהר!

די ערשטע שכנה (שעפּצעט). זי וועט דאָס ניט איבערטראָגען. זי איז אַליין, נעבעך, געוואָרען ווי אַ מת.

נחמה (צומישט). נאָך היינט אינדערפֿריה האָב איך מיט איהם גערעדט. וואָס וועט זי איצט אָנהויבען טהאָן?

דער ערשטער שכן. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. שטיל, ניט געקלאָגט זיך. (שעפּצעט) און קיינער האָט גאָר ניט געוואוסט. מ'האָט ניט געטאָרט רעדען. (מירה, שמעון, גבאי און דוד געהען אַרויס. בערמאַן האָט זיך אויפֿגעהויבען נאָך זיי).

דער צווייטער שכן (צו נחמ'ן). געהט באַטש איהר אַריין צו איהר... פֿערקע וועט עס ניט אויסהאַלטען.

נחמה. קומט! (וואַרפֿט אויף זיך אַרויף דעם שאַל. אַלע געהען אַרויס. דאָס געפֿילדער מיט דעם געוויין ווערען ביסלעכווייז שטילער.)

שם. (טהוט אָן די וואַלינקעס. בעגלייט דעם עולם מיט אַנ'אויסרוף) אין דיין השגחה גלויב איך, גאָט.

בעטקע (ציטערט. זי האַלט איין די טרערען). זיידע, דו געהסט אויך אַוועק?

שם. ס'איז שוין צייט. גאָט האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ היטער אויף דער ערד.

בעטקע. כ'האָב מורא, זיידע...

שם (טהוט אָן דעם מאַנטעל). פֿאַר וועמען דאַרף מען מורא האָבען, אַז גאָט איז מיט אונז?

בעטקע (געהיימניספֿאָל). מיר וועלען אויך שטאַרבען?

שם. אַז ער וועט זאָגען: ס'איז צייט, — וועלען מיר שטאַרבען.

בעטקע (שווייגט אַביסעל). הערסט, ווי מען וויינט?

שם. דאָס געהט אַוועק די נְשָמָה צו גאָט... מען טאָר ניט וויינען.

בעטקע (פּלוצים). איך האָב ליעב גאָט. אוי האָב איך ליעב גאָט. (דריקט צו די הענד צום האַרצען).

שם. איך האָב איהם אויך ליעב. וואָס ער טהוט איז גוט. אַ גוטע נאַכט, בעטקע.

בעטקע (ציטערנדיג). גוטע נאַכט, זיידע. (שם געהט אַוועק. פּויזע. עס קומען אַריין מירה און שמעון. ציטענווייז הערט זיך אַ פּערדומפּען געוויין).

מירה (אויפגערעגט). איך האָב זיך דערשראָקען. פיהר מיך אַוועק וואוהין ניט איז. (ציטערט) כאַלד. געפּין אַ וואַרים אָרט. אַ ליעבליך אָרט. די זון זאָל שיינען... (אַ קורצע פּויזע) אַ לעדיגע שטוב... אַ מת, קינדער קאַליקעס און דער הונגער, דער הונגער. בעהאַלט מיך וואו ניט איז.

שמעון (קאַלט). מיך האָט דאָס ניט גערִיהרט, מירה. כ'מיין, ס'האָט מיך יאָ גערִיהרט, ווי יעדער טויט. איך האָב געקוקט און געטראַכט: מיט איין אומגליקליכען וועניגער אויף דער וועלט. אומגליקליכע מענשען איז בעסער שטאַרבען.

מירה (בעקוקט איהם). ווי האָסטו געזאָגט? אומגליקליכע איז בעסער שטאַרבען?

שמעון. וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? אַזוי בין איך, אַנדערש קען איך ניט זיין.

מירה. וואָס איז ביי דיר פאַר אַ האַרץ?

שמעון. אַ האַרץ, ווי אַ האַרץ... וואָס טויג אונז גאָר רעדען וועגען דעם? געשטאָרבען — וועט מען בעגראָבען. מען הונגערט — וועט זיך געפינען איינער וואָס וועט אָנהאָדעווען. איך וויל פון דעם ניט טראַכטען, מירה...

מירה (געהט אַרום אויפגערעגט איבער'ן צימער און טהוט ציטענווייז אַ קוק אויף איהם). מיר דאַכט זיך, דו האָסט פערנומען די גאַנצע שטוב, האָסט אָנגעפילט זי אינגאַנצען און איך האָב ניט מיט וואָס צו עטעמען.

שמעון. פאַר וואָס קומט מיך מוטשען, מירה? כ'פאָלג דיך



קאָרג? וועל איך נאָך מעהר פאָלגען. (מיט געבעט) מירה...

מירה. לאָז מיך צורוה.

שמעון. איך וועל דיך לאָזען... אויף וויפיעל טעג?

מירה (מיט קראַמפּט). לאָז מיך צורוה.

שמעון (טרעט ניט אָב). מיט וואָס האָסטו מיך צוגעבונדען צו דיר? איך האָב אַלצדינג, וואָס אַ מענש דאַרף; איך בין צופריעדען, און נאָר דו... מיט וואָס האָסטו מיך צוגעבונדען? פערכשופ'ט האָסטו מיך. די וועלט זעה איך ניט אָהן דיר. צוויי יאָהר — ס'איז ניט איין טאָג. אפשר איז דאָס אַ קרענק אַזוינע, — ווער זשע וועט מיך אויסהיילען?

מירה. בעסער וואָלסטו איצט ניט גערעדט. בעסער וואָלט זיין.

שמעון. אפשר וואָלט בעסער געווען, איך וויים ניט. שטענדיג מאַכסטו אַזוי, אַז איך זאָל מיט דיר ניט קענען איבער־רעדען. דו ווייסט דאָך, איך האָב אַ געטריי האַרץ און בין מיט אַלצדינג צופריעדען. דאַרף מען וואַרטען, — וועל איך נאָך צוּוואַרטען. איך בין אַנ'אַרבייט־מענש און דיר וועט זיין גוט ביי מיר. גלויב מיר, ס'וועט דיר זיין גוט. איך וועל עפענען אַ מאַסטערסקאַיאַ... איך וועל זיך לעגען אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז דיר זאָל זיין גוט. גיעב מיר דיין וואָרט. איך בעט ניט און איך האָב ניט קיין טַעֲנות, איך זאָג נאָר: גיעב מיר דיין וואָרט.

מירה. וואָס? אַ וואָרט? (זי וויל כאַפּען דעם געדאַנק) אַלע ווערטער... איך גיעב דיר אַלע ווערטער, וויפיעל איך האָב. אַז דו רעדסט מיט מיר אַזוי, ווער איך שוואַך... אָבגעלאָזען... דאַרפסט אָבער מיר אויך פערשטעהען. דאַרפסט פערשטעהען. אָט האָב איך זיך דערשראָקען. וואָס זשע רעדסטו. איך דאַרף זיך באַלד אויפהייבען אין דער הויך... פערשטעהסט מיך, שמעון, אין דער הויך. וואוהין? וויים איך ניט. עפּיס ווילט זיך עפּיס ווילט זיך אַזוי שטאַרק, אַז כאָטש שטאַרב. איך וויל עפּיס אַזוינס, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. ס'קען זיין עפּיס אַ שעהנע זאַך; ס'קען זיין, עפּיס אַ שטאָלצע זאַך.

שמעון. האָסט ניט געדאַרפט געהן אַהין.

מירה (הערט ניט). עס טרעפט אַמאָל, אַז איך פרעג זי אַליין ווי פון שלאָף: פאַר וואָס בין איך דאָ? ניט דאָ, אין צימער (אונגעדולדיג) נאָר דאָ. (מאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד) פאַר וואָס? צו בין איך אַהער געקומען צו פליהען, צו האָט מען מיך

אין קיטעז פערשמידט און אהער געבראכט. און איך קוק אין פענסטער, און זעה זיך אין פענסטער אריין. עפים זעה איך דארט. וואס זעה איך? וואס? איך ווייס אליין ניט. עפים שיינט צו מיר. עפים הופט ... (פלוצלונג איז זי ווי צו זיך געקומען) דאס רעד איך מיט דיר, שמעון.

שמעון (אין פערצווייפלונג). פאר וואס פערשטעה איך דיך ניט. איך בין ווי א האלץ. מיין מח ווערט ווי א שטיין. איך וויל טראכטען מיט דיר צוזאמען, — און איך קען ניט. און ליעב האב איך דיך מיט'ן גאנצען הארצען, מיט דער גאנצער נשמה.

מירה. איך קען דיר דען געבען מיין ווארט? וועמען, דיר? איך פיהל דאך נאר א רחמנות צו דיר. איך לאז זיך נאר אראב צו דיר ... (שנעל) ניין, איך לאז זיך ניט אראב. (האט חרטה) ניין, איך לאז זיך אראב. וואס וועט זיין — איך וועל דיר געבען א ווארט. (צולאכט זיך אונטרויליך) נאך דער חתונה וועסטו מיך אוועק פיהרען צו זיך. אט אין אזא מין שטייגעל מיט א פענסטער. אין א יאהר ארום וועט זיין א קינד. ביי מיר. איך וועל ווערען דאר, ווי אלע אונזערע, די אויגען מיינע וועלען ווערען איינגעפאלען, איך זאל שוין מעהר ניט זעהען די ליכטיגע וועלט. דו וועסט ווערען גראה ... ווי אזוי וועסט דו מיר דאמאלס זאגען: „מירה, איך האב דיך ליעב"? שמעון, טויט מיך באלד אויפ'ן ארט.

שמעון (האפנונגסלאז). ווייטער דאס אייגענע. ווייטער — ניין, ווייטער.

מירה (טהוט זיך א חאפ). אודאי ניין. אלע מאל — ניין. (וואקעלט זיך) און אפשר אמאל — יא. ניין, ניין. איך האב דאך דיך ניט ליעב. ווי מיט א ברודער רעד איך מיט דיר, ווי מיט א נארישען ברודער. און איך דארף דיך האבען, אויף עפים דארף איך דיך האבען ... ניין, איך דארף דיך ניט. (קוקט אויף איהם, ווי עפים שטארק פערוואונדערט.)

שמעון. נו, לאמיר שוין אויפהערען רעדען וועגען דעם. איך וועל ווייטער שווייגען. כ'וועל ווייטער קלויבען געלד און שווייגען. איך וועל עפענען א מאסטערסקאיא. די געשעפטען וועלען ביי מיר געהן גוט, אפשר וועט דאס עשירות דיך ווייכער מאכען.

מירה. דאס אודאי ניט, שמעון. ביי דיר וועט אויסוואקסען א בארד און וועט גראה ווערען. (זי האט זיך איינגעקוקט אין איהם און זיך צולאכט).



שמעון (ערנסט). איך בעט דיך... איך וועל ווארטען. איך קען, איך מוז. איך וועל סיי ווי אהן דיר ניט לעבען. דו האסט מיך אינגאנצען אריינגענומען צו דיר אין די הענד.

מירה (קנייטשט מיט די פלייצעס). איך ווייס, דו וועסט ווארטען, ביז איך וועל זיך אונטערגעבען. אט דערפאר האב איך מורא... ניין, איך האב ניט מורא. איך וועל זיך ניט אינטערגעבען, — קיינמאל ניט. אדער אפשר וועל איך זיך אונטערגעבען...

שמעון. וואס זשע טהוט מען. וואס זשע זאל איך טהאן? זאג.

מירה. זאג זיך אב פון מיר. אזוי וועט זיין בעסער. דו ווייסט דאך, איך דארף דיך האבען נאר... (האקט זיך איבער).

שמעון. זעהר א פיינע זאך האסטו געוואלט זאגען, מירה.. נאר איך וועל ווארטען. און אפשר... ווער ווייסט... (עס הערט זיך א שטארק געוויין).

מירה (דערשראקען). ווער וויינט דאס? (עס געהט אריין גבאי, ער איז אויפגערעגט).

גבאי. דאס איז ניט צום אויסהאלטען ... ניט צום איבערטראגען. דער מח שפאלט זיך. איך בין אנטלאפען פון דארטען...

שמעון (רוהיג). וואס איז דען דארט אזוינס?

גבאי (קוקט אויף איהם). פערקע איז נאר וואס געשטארבען. ארויפגעפאלען אויפ'ן געשטארבענעם און שוין ניט אויפגעשטאנען. (מיט צארן) א...

מירה. עס קען ניט זיין, גבאי. פערקע. (הויך)! פערקע! (מיט א געשריי) פערקע!

שמעון. אט דאס איז טאקי ניט גוט. דאס מיין איך אויך אזוי.

גבאי. וואס? וואס מיינט איהר אויך?

שמעון. זי האט ניט געטארט שטארבען. זי האט געדארפט אין זין האבען די קינדער. וואס, מיט איהר פערצווייפלונג וועט זי איהם מחיה מתים זיין, וואס?

מירה. איך קען ניט הערען, ווי דו רעדסט... הער אויף.

שמעון. דו ווילסט מיך ניט פערשטעהען... מירה... איך זאג נאר, אז דאס ארט מיך ניט.

גבאי (בייז). אדרבא, לאמיר נאר הערען אייער דרשה...

שמעון. איך ווייס ניט, וואָס ווילט איהר פון מיר האָבען. איך פערשטעה אַלצדינג. לאָזט מיך צורוה.

גבאי. טאָ מיט וועמען זשע זאָל איך רעדען. גיעט מיר אַהער דעם בר-מינן קונה'ן, — וועל איך איהם אויפמונטער'ן. איך וועל אין איהם אַריינבלאָזען אַ צאָרן...

שמעון (רוקט זיך אָב פון איהם, נעהמט דאָס היטעל). איהר מאַכט מיך אונרוהיג מיט אייערע שמועסען. טשעפּעט מיך ניט. מירה, איך געה אַוועק.

מירה. ס'איז מיר שווער... ס'איז מיר שרעקליך... זיץ נאָך אַביסעל. ביין, בעסער געה.

שמעון. וואָס זשע לאָזט ער מיך ניט רוהען?

גבאי. מיט וועמען זשע זאָל איך רעדען? (קוקט זיך אַרום מיט די ווענד. אָ, איהר ווענד, איהר פערשאָלטענע, רוהיגע, געדולדיגע ווענד. איהר עדות פון געוואַלד-מעשׂים... פערשאָלטענע, טויבע ווענד. הערט איהר? פון דער אונפערשעמטער קראַפט, פון דער אונבעגרענצטער מאַכט איז געשטאָרבען צוויי און ס'וועלען נאָך אומקומען טויזענטער. שרייט זשע. איהר ווענד, שרייט וועגען דעם!

שמעון (קאַלט). און איך רעכען, אַז ס'איז בעסער זיין געדולדיג און געהאָרזאַם. מען דאַרף שווייגען און אַרבייטען.

גבאי. הערט, מירה. מען דאַרף נעהמען זייערע קערפּער און אַריינוואַרפען אינמיטען שטאָדט. לאָמיר נעהמען אַ שווערד און לאָמיר זי אַריינשטעקען אינ'ם האַרצען פון דער שטאָדט. אַ שווערד בעגאָסען מיט אונזער גאַל, לאָמיר וואַרפען אין שטאָדט אַריין. ווי סמייען מיר דאָס אַזוי שטאַרבען, אַזוי?..

מירה (מיט התלהבות). איך וועל געהן מיט אייך, גבאי, — איך וועל זיין מיט אייך. שמעון, — איך וועל געהן מיט איהם.

שמעון (ווערט אָנגעצונדען). איך פערהאַס איהם... איך זאָג דאָס אָפען: איהם האַס איך. אַלע זיינע חברים, אָט די גאַנצע באַנדע ימח-שמו'ניקעס, אָנקוקען קען איך זיי ניט. מיט וועמען ווע- סטו געהן. פון זיי נעהמען זיך אַלע אונזערע צרות. קעמפפען. מען וועט אונז צוטרעטען, ווי די ווערים. איך געדענק נאָך פאַר- איאָהרען. איך געדענק, וואָס ס'איז געוועזען פריהער מיט דריי יאָהר, מ'האָט געשלאָגען, אַרויסגעשיקט און געמאַכט אונז שטיל, ווי די טייבעלעך. מיר אַלע געדענקען דאָס גוט. ס'אַ הונגער. קיינער



איז ניט שולדיג. ס'איז איצט אַ קריזיס. מען דאַרף זיך איבערמוט- שען, וועלען ווייטער די געשעפטען ווערען בעסער. ס'וועט ווייטער זיין אַרבייט...

גבאי (מיט פעראַכטונג). איך האָב אייך דען גערופען? איך וואָלט בעסער גערופען אַ שטיין, אַ שטיין קען מען חאָטש וואַרפען דעם שונא. איך האָב גערעדט, נאָר דאָס האָבען זיך ביי מיר גע- מישט די געדאַנקען... אַ געוויין, אַ קלאָג, קינדער-קאַליקעס, און קיין איין צאָרענדיגען קרעכץ... די געדאַנקען האָבען זיך ביי מיר געמישט... קיין איין צאָרענדיגען געשריי האָב איך ניט געהערט. אונטערטהעניג לעבען זיי, אונטערטהעניג שטאַרבען זיי און אונ- טערטהעניג וועלען זיי בעגעגנען דעם מאָרגענדיגען טאָג.

שמעון. אַדאַי. און וועלען טהאָן זעהר גלייך. מיר מוזען זיין אונטערטהעניג, מיר מוזען שווייגען... שטענדיג. ס'איז איצט די בעלי-בתים אויך שלעכט. מען דאַרף אויף זיי אויך רחמנות האָבען. האָסטו אויף זיי רחמנות, האָסטו אויף זיך אַליין רחמנות...

גבאי. איהר הערט מירה? אָט דאָס איז די פיינד פינ'ם פאָלק. דאָס איז די שפּראַך פון אַ שונא. אויף וועמען רחמנות האָבען, דו טעמפּער, פינסטערער מענש?

שמעון. שטילער אַביסעלע, — איך האָב פאַר אייך ניט מורא. פאַר אייך האָב איך שוין אַדאַי ניט מורא. איך ווייס, וואָס מען טהוט מיט אַזוינע, ווי איהר...

מירה. שוויינ, שמעון. ווער אַנטשוויגען, איך בעט דיך. דו מוזט.

גבאי (לאַכט מיט גיפט). רחמנות האָבען, מירה, רחמנות האָבען אויף די בעדריקער, די שטיינערנע הערצער! פערניכטעט זיי, אָט דאָס וועט זיין אייער רחמנות. פערברענט זיי, דאָס וועט זיין אייער גוטס. לאָמיר זיין בלוטדורשטיג, לאָמיר זיין אומדער- באַרעמיג, גרויזאַם... די קינפטיגע מענשהייט וועט אונז פער- שטעהן. זי וועט זאָגען: אייער שרעקליכער צאָרן איז געוועזען דערבאַרמונג, אייער גרויזאַמקייט איז געוועזען רחמנות. וואָרום צואַקערן אַ האַרטען שטיינערדיגען באָדען קען מען נאָר מיט אַ שטאַרקען אַקער. און אויב עס דאַרף יאָ פערגאָסען ווערען בלוט, איז וואָס איז אַ קליין טייבעלע אין פערגלייך מיט גאַנצע ימים. וואָס איז אַ געשריי פון אַ בעדריקער אין פערגלייך מיט דעם טויזענטיאָהריגען שרייען פון די אָרימע. וואָס איז זיין שרעק, וואָס

איז זײַן וועהטאָג געגען די מאַרטירער=לײַדען פֿון דער מענשהײַט. דערבאַרמונג, — אַ פֿלוך צו דערבאַרמונג! רחמנות, — אַ פֿלוך צו רחמנות! לאָמיר דאָס לאָזען פֿאַר זײ. לאָמיר ניט אָבטרעטען אויף איין שפּאַן... און אַז דאָס וועט געשעהען, מירה, וועלען אויפֿשטעהן די טויטע... זײ וועלען צובּרעכען די קבֿרים זײערע און וועלען אַרויסגעהן, כּדי צו זעהען דאָס געוואונשטע לעבען, און מיר וועלען זײ אומאַרמען. מיר וועלען זײ זאָגען: געהט אײַך רוהיג צוריק אין אײַערע קבֿרים, — אײַערע קינדס=קינדער זענען בעפֿרײַט, אײַערע קינדס=קינדער האָבען דערזעהען אַ נײַ לעבען.

מירה. צו וועט דאָס געשעהען?

גבאי. עס וועט... פֿאַר וועהטאָג האָבען זיך מיר אויף נײַגע די געדאַנקען פֿערפּלאָנטערט. עס וועט געשעהען, מירה. די פֿורכטזאַמע, די בּלינדע, די פֿינסטערע — זײ וויינען, זײ ציטערן, זײ בויגען זיך אײַן, אָבער מיר הײבען זיך אויף. קוקט זיך אײַן, מיר הײבען זיך אויף, אין דער הויך. דער אָטעם פֿון אַרבּײַטער=צאָרן שוועבט אומעטום.. און ווײַל ס'איז אַזוי שלעכט אַרום און אַרום, זאָלט איהר זאָגען זיך אַלײַן: די טויזענטיאָהריגע נאַכט געהט שוין פֿערבײַ. די שלעסער ווערען שוואַכער. עס קנאַקט שוין די אײַזערנע טיר... מוטיג! מיר וועלען אויסבּרעכען די טיר...

שמעון. איצט ווײס איך, ווער ער איז.

מירה. דו בּיסט נאָך דאָ, שמעון... וואָס טהוט ער דאָ? עס דאַכט זיך מיר, איך בּין אָקאָרשט געבּוירען געוואָרען... אָט איז די שטוב, די בּלאָטע, די אָרימקײט, און אויף דער נשמה איז אַזוי ליכטיג. געה אַהײם, שמעון.

שמעון. איך געה, מירה. איך האָב קײנמאָל ניט גערעכענט אַז דו... (מאַכט מיט דער האַנד)

מירה (אונגעדולדיג). איך ווײס, איך ווײס, נאָר געה שוין אַוועק. (שמעון קוקט אויף איהר אַ ווײַלע און געהט אַוועק ניט געזעגענט).

מירה. רעדט נאָך, גבּאי, רעדט. (קוקט אויף אי־ם מיט ענטציקונג. עס געהען אַרײַן בערמאַן, דוד, נחמה. נחמה וויינט שטילערהײט. ווען זײ קומען אַרײַן, געהען גבאי און מירה אַוועק אײנער פֿונ'ם צווײטען).

בּערמאַן (פֿינסטער). אָח=אָי=אָי. שווערע צײַטען, שלעכטע צײַטען. כ'וואָלט וועלען וויסען, וואָס טראַכט ער זיך דאָרט אויפֿ'ן



הימעל וועגען דעם. (צושפּרײט די הענד) אָח=אָי=אָי, אָח=אָי=אָי.

נחמה (האָט זיך אַנידערגעזעצט. וויינט). אפֿשר איז דאָס אונז אויך בּעשערט. אפֿשר וועט מאָרגען מונה אָדער אַנ'אַנדער שכן. אָ, גאָט, העלף זשע אונז, האָב רחמנות אויף אַלע דער=שלאָגענע. מיט דעם טויט פֿון די צוויי זאָלען זיך שוין ענדיגען די צרות אויף דער וועלט. עפּיס איז מיר שווער אויפֿ'ן האַרצען,

בּערמאַן. דאָס האַרץ וויינט, עס וויינט ווי נאָך אַנ'אײגענעם.

בּערמאַן. אָח=אָי=אָי, ניטאָ קײן כּח, נחמה, אָח=אָי=אָי, אָח=אָי=אָי. (פּויזע. נחמה וויינט. גבאי לעגט זיך אויף דער פּאָדלאָגע נעבען פֿײַער=טאָפּ און דעקט זיך צו מיט'ן מאַנטעל. מירה לעגט זיך אויפֿ'ן בעט. נחמה שטעהט אויף, געהט צו צום בעט און לעגט זיך מיט די קינדער. בּערמאַן טהוט זיך באַלד אויס און לעגט זיך נעבען גבאי'ן. ער קעהרט זיך אוים מיט'ן פּנים צו דער וואַנד).

בּערמאַן. אָח=אָי=אָי, אָח=אָי=אָי!

(ענדע פֿונ'ם צווייטען אַקט).

---

## דריטער אַקט.

דער זעלבּיגער צימער. פֿון דעם מעבעל איז געבּליבען נאָר נחמה'ס בעט, אַ קישען און אַנ'אַלטע קאָלדרע, מירה'ס בעט, אַ בּענקעל, דער פֿײַער=טאָפּ. ס'איז מיטאָג=צײַט. יאַנואַר. די זון שײַנט. פֿאַרבּײַ דעם פֿענ=סטער געהען אַלע מאָל דורך הײפֿלעך מאַנספּערזאָנען. די קינדער זיצען אויפֿ'ן בעט; אָט הויבען זײ אָן וויינען, אָט הערען זײ אויף. אויפֿ'ן בּענקעל זיצט אָסנת און נחמה. שם שטעהט מיט'ן סידור אין האַנד בּײַם פֿענסטער און קוקט אַרויס אויפֿ'ן גאַס.

---

שם. די פֿענסטער זענען אָבגעגאַנגען. ס'איז הײַנט אַ שעה=נער טאָג. ווײַטער דורכגעגאַנגען אַ הײפֿעל אַרבּײַטער. וואוהין געהען זײ דאָס?

דוד. איך ווײס!

שם. דו ווײסט? קענסט וויסען שעהנע זאַכען.

דוד. אַז איך זאָג, איך ווײס, הײסט עס איך ווײס.

אָסנת (טרײסעלט מיט'ן קאָפּ). פֿון אינדערפֿריה אָן איז דאָ ניט רוהיג... (די קינדער האָבען אָנגעהויבען וויינען. פֿריהער נחמ'לע, נאָכדעם הערשעלע).

נחמה (אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט). ווײַטער ווײַנט איהר? וואָס זשע זאָל איך אײַך געבען? וואָס? דאָס פֿלייש מײַנס? נאַ'ט, עסט, שנײַדט און עסט. רײַסט מיך! בײַסט מיך!

בעטקע. איך קען שוין ניט אויסהאַלטען. איך בין דען שולדיג? פֿון נעכטיגען טאָג האָסטו מיר קיין פּיצעל ברויט ניט געגעבען. געה, קריעג ערגיץ, בעט ערגיץ אויס. (אַלע האָבען ווײַטער אָנגעהויבען ווײַנען. שם איז אָבגעטרעטען פֿונ'ם פֿענסטער און קוקט אין סדור אַרײַן).

נחמה (פֿלאָנטערט זיך אין די רעד). וואָס זאָל איך מיט זיי טהאָן? בײַ וועמען בעטען ווער וועט געבען? הערט שוין אויף, פֿעטער, ביז וואַנען וועט איהר דאַווענען, איהר זענט משוגע. צו וואָס? (צו די קינדער) שטיל זאָל זײַן. איהר הערט, קיין פּאַרע זאָל איך פֿון אײַך ניט הערען! איך בין אויך הונגעריג און שווײַג. איך שווײַג, יאָ! איך וויל ניט הערען אײַער קול, שאַ זאָל זײַן! וואָס? הונגעריג זענט איהר? ווי סמײַעט איהר עס זײַן הונגעריג? שטיל! (זי געהט צו צו זיי און שלאָגט זיי). איך וועל אײַך דערהרג'נען. נעכטען האָב איך אײַך געגעבען צו שטיקעלעך ברויט, דאַרף אײַך זײַן גענוג אויף אַ גאַנצען מעת־לעת. איך בין ניט קיין גביר'נטע, איך זאָל אײַך האָדעוויען מיט ברויט אַלע שָׁעָה. שטיל זאָל זײַן, שאַ! אַלע שטאַרבען דאָ פֿאַר הונגער, און קיינער שרײַט ניט. קיינעם הערט מען ניט, נאָר אײַך. (די קינדער ווײַנען נאָך העכער)

שם (האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ). איך קען דאָס ניט הערען, נחמה.

נחמה. טאָ גיעט זשע זיי עסען, פֿעטער. פֿערקויפֿט אײַער סדור און ברײַנגט זיי ברויט, אויב איהר האָט אַזאַ האַרץ. איך האָב שוין פֿערקויפֿט אַלצדינג, וואָס כ'האָב געהאַט, און מײַן האַרץ איז געוואָרען אַ שטיין. איך בין פֿון זינען אַראָב, פֿעטער! וואו איז מונה? צוויי טעג אַז מונה איז ניטאָ!

אָסנת. מען דאַרף זיך ניט מיאש זײַן: גאָט וועט העלפֿען, ער וועט קומען אַהיים. ער וועט קומען... אַז גאָט האָט מיר מײַן קליינינקע אָבגעגעבען צוריק...

נחמה (האַקט איהר איבער די רייד). ווער? גאָט? (זי לאַכט איראָניש) אַמאָל האָב איך אויף מונה'ן קוקען ניט געקענט, און איצט פֿרעג איך אין אַנגסטען: וואו איז מונה? אָט וואָס גאָט קען



מאַכען. כ'האָב מורא אָהן מונה'ן. אַז ער איז געוועזען יונג, אַ כוואַט איז ער געוועזען, מונה, האָב איך ניט געוואָלט חתונה האָבען פֿאַר איהם. איצט האָט ער ליעב דעם טרונק, אַז אַלט איז ער געוואָרען, און איך ציטער און פֿרעג: וואו זשע איז מונה? וואו איז ער אַהינגעקומען?

דוד. ווײַטער דורכגעגאַנגען אַרבייטער.

נחמה... און דאָס האַרץ קלעמט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַנ'אומגליקליך האַרץ? האַ? וואָס רעד איך? די קינדער מאַכען מיך גאָר משוגע. האַ? וואָס האָב איך גערעדט? (קוקט זיך אַרום). מונה איז שוין צוויי טעג אַהיים ניט געקומען, — און איך בין רוהיג. ווײַטער ווײַנט איהר, קינדער! שטילער! לאַכט... ניטאָ קיין הונגער, ניטאָ קיין ווינטער. אינדרויסען איז וואַרים, מחיה. דער טאַטע האָט געבראַכט געלט, מיר וועלען קאָכען אַ שעהנע וועטשערע. וואָס נאָך דאַרפֿען מיר? גאָט, וואָס דאַרפֿען מיר נאָך?.. כ'וואָלט וועלען וויסען, וואָס דרעהט זיך מיר אַזוי דער קאָפּ און עס שיסט עפּיס אין אַ אויג? דאָס איז דערפֿאַר, קינדער, וואָס אונזער טאַטע, נעבאַך, איז שוין צוויי טעג אין דער היים ניט געוועזען!..

אָסנת. אפשר האָט ער בעקומען אַרבייט? מען קען גאָר ניט וויסען, חי־חי. אין אַ גוטער שעה איז ער אַרויס פֿון דער היים און האָט בעגעגענט אַ מענשען... אַ גוטען מענשען, חי־חי. און יענער האָט איהם געזאָגט: אָט האָסטו, מונה, אַרבייט פֿאַר דיר. (שם שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ) איז אַוועק מונה אַרבייטען און וועט ברײַנגען אַ קערבעל. חי־חי!

נחמה (געריהרט). עס האָט אַ פּנים פֿון אַ אויסגעטראַכטער מעשה. פֿון אַ שעהנער מעשה! אַז איך בין געווען אַ קליינינקע אָסנת, פֿלעג איך ווינטער זיך פֿערקלײַבען אויפֿ'ן אויווען, און די באָבע פֿלעגט מיר דערצעהלען מעשיות. דער טאַטע שלאָפֿט. די מאַמע פֿליקט פֿעדערן, און איך פֿלעג זי אַראָבבויגען אָט אַזוי מיט'ן קאָפּ אַראָב און פֿלעג הערען, און פֿלעג זעהען, ווי אויף אַ הויכען באַרג, אויפֿ'ן גרינעם גראָז שטעהען אַ פּאָר דײַטשען, אַ פּאָר דײַטשען!.. (אָפּענהערציג) מונה איז אַוועק אין כעס. ער האָט ניט געקענט הערען ווי די קינדער ווײַנען, אַזוי האָט ער געזאָגט. און איך האָב זיך מיט איהם צוקריעגט. איך דאַרף אײַך זאָגען דעם אמת, כ'האָב איהם צובייזערט.

אָסנת. מיר זענען אַלע אַזוי. מיר האָבען ליעב די מאַנען, כָּל זְמַן זיי געבען אונז עסען, חי־חי.

נחמה. איך האָב איהם געזאָגט: דו בּיסט געוואָרען אַ שכּור און קענסט גאָר ניט פֿערדינען. דו קוילעסט דיינע קינדער, מונה! (זי ווערט ערנסט) ער האָט מיר געגעבען אַ קלאַפּ... אָסנת, ער האָט מיך געשלאָגען דאָס ערשטע מאָל פֿאַר די גאַנצע צוועלף יאָהר! איך האָב ניט געשריען, ניין, אָסנת, איך האָב ניט געשריען. איך האָב צונויפֿגעפּרעסט די צייהן און געטראַכט: פֿערפֿאַלען מיין וועלט!

אָסנת (וויזט אויף זיך). און איהר מיינט אפשר, אָט דער גוף האָט וועניג איבערגעטראָגען? ס'קען זיין, אַז אַ בַּעַל־עֲגָלָה שלאָגט ניט אַזוי זיינע פֿערד, ווי מיך האָט געשלאָגען מיין פֿייוועל, עָלָיו הַשָּׁלוֹם. ס'פֿערגעסט זיך, נחמה! און פֿרעגט, וואָס האָב איך אויסגעשפּיעלט? איך זיץ אַמאָל און דערמאָן מיר מיין לעבען. נאָך וואָס האָב איך חתונה געהאַט? נאָך וואָס האָבען מיר זיך געמוטשעט? נאָך וואָס האָב איך קינדער געהאַט, אַז פֿון צעהן איז מיר סך־הכּל איין קאַליקע געבליבען? אָט אַזוי זיץ איך און בּעטראַכט מיר דאָס לעבען. איך דערמאָן זיך, אַז פֿייוועל האָט אַ מאַסטערסקאַיאַ געעפֿענט... וואָס ס'האָט זיך דעמאָלט געטהאָן! מַלְאָכִים האָבען זיך מיט אונז געשפּיעלט, ס'איז אָבער גאָר ניט געבליבען! מ'האָט נאָכדעם די מאַסטערסקאַיאַ פֿערמאַכט, — אַלעס פֿער'חתמ'ט. ס'איז גאָר ניט געבליבען, נחמה! צעהן קינדער האָב איך געהאַט... געשטאָרבען איינס נאָכ'ן צווייטען, געשטאָרבען, און מיט יעדען בּעזונדער פֿלעגט, דאַכט זיך, די נְשָׁמָה אַרויספֿליהען פֿאַר וועהטאָג, — ס'איז גאָר ניט געבליבען, נחמה. גאָר ניט!.. וואָס זשע האָב איך אויסגעשפּיעלט? נאָך וואָס האָב איך געלעבט?

שם (שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ). האָסט גוט געפֿרעגט, אָסנת, נאָר קיין תְּשׁוּבָה וועסטו ניט בּעקומען.

נחמה. איך וויל דאָס ניט וויסען... וואָס איז מיין עסק? מיין האַרץ פּלאַצט מיר! פֿאַר וואָס? חאָטש ס'איז ניטאָ בּיי וועמען צו פֿרעגען, איך וועל אָבער אַלץ שרייען: פֿאַר וואָס? וואו איז גערעכטיגקייט? (אָסנת וויל ענטפֿערן, שם שלאָגט איהר איבער).

שם. לאָז זי זיך אויסשרייען. אַז זי וועט שווייגען, ווער זשע וועט זאָגען, אַז ער (וויזט מיט'ן פֿינגער אַרויף) ליידט מיט זיינע געליבטע און אויסדערוועהלטע? (די קינדער האָבען אַרומגערינגעלט נחמה'ן און וויינען. זי בּעקוקט זיי מיט שִׂנְאָה. בּאַלד האָט זי רחמנות געקריגען).



נחמה (מיט האַרץ־קלעמעניש). איך האָב זיך אויף זיי מיין בּלוט פֿערגאָסען. (נעהמט נחמל'ען אויף די הענד, קרעכצט שטילערהייט און קושט איהם היים) ווייטער דאַווענט איהר, פֿעטער? פֿעטער, ס'איז דען עמיצער דאָ אין שטאָדט אומגליקליכער פֿון אונז?

שם. זאָג איהם, דעם אויבּערשטען: גאָט, איך בּין אַלצדינג מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה פֿון דיינע הענד.

נחמה. נו, און גערעכטיגקייט?

שם (קלאַפּט מיט דער האַנד איבּער'ן סדור). אָט דאָ איז זי.

נחמה (פֿערצווייפֿעלט). מעהר גאָר ניט, פֿעטער?

שם (פֿייערליך). גאָר ניט!..

נחמה. פֿאַר וואָס זשע האָב איך אָבּגעלאָזט מונה'ן? פֿאַר וואָס בּיך איך ניט אַרויסגעלאָפֿען און ניט אַ געשריי געגעבען: מונה, קעהר זיך אום, איך בּין דיר מוחל... און מעהר גאָר ניט, פֿעטער, זאָגט נאָר נאָך אַ מאָל! שטיל זאָל זיין, קינדער! שטיל! (ווערט אין כּעס און שלאָגט זיי) צו אייך רעד איך: שטיל זאָל זיין!

שם (מיט בּעדויערן). גאָר ניט!

נחמה. נו, גוט, גוט! (צעשטרייט) איך ווייס אַלצדינג, איך זעה אַלצדינג. עס קען זיין, מונה וועט קומען, אָדער אֶפשר וועל איך איהם נאָך אַ מאָל געהן זוכען, נאָר איך פֿיהל, — עפּיס רוקט זיך אויף אונז. עפּיס געהט!

אָסנת. שרעקט ניט די קינדער, נחמה.

נחמה. וואָס זשע — איך זאָל זיי מאַכען לאַכענדיג? דערצעהלען, וואָס עס שוועבּט בּיי מיר אין קאָפּ? (פֿלוציים, מיט פֿרייד) מיר פֿליהען אַוועק, קינדער, מיר הייבען זיך אויף אויף די פֿליגעל, מיר... (האָט זיך צוויינט).

אָסנת. נעהמט אייער האַרץ אין די הענד אָט אַזוי. איך ווייס, וואָס עס הייסט האַרץ־וועהטאָג.

נחמה (מיעד). ס'איז מיר פֿינסטער, אָסנת. וואוהין איך טהו זיך אַ קעהר, פֿינסטער; וואוהין איך טהו זיך אַ ריהר, שטעהט אַ וואַנד. און דאָס האַרץ טהוט וועה, אוי טהוט עס וועה!

שם (האָט אַ קוק געגעבען אין פֿענסטער). אָט געהט בּערמאַן.

אַסנת. אפשר וועט איהר עפּיס, נחמה'ניו, געוואָהר ווערען פון מונה'ן.

נחמה. וואו זשע איז ער? (לויפט צו צום פענסטער).

שם. דאָ קען מען איהם שוין ניט זעהען. מסתּמא איז ער אַריין אין טויער.

נחמה (עפענט די טהיר, שטעהט און וואַרט. אין קאָרידאָר וויַיט, בעוויַיזט זיך בערמאַן). געהט גיכער, בערמאַן. אפשר ווייסט איהר עפּיס פון מונה'ן?

בערמאַן (ענטפערט, געהענדיג איבער'ן קאָרידאָר. אויף די פּלייצעס טראָגט ער אַ פּאָר אַלטע הויזען). וואָס אויף די גאַסען עס טהוט זיך איצט! מ'האָט מיך שיער ניט דערקוועטשט. אָח־אָי־אָי! (געהט אַריין אין צימער) פון דער זיַיט אַנ'עולם און פון דער זיַיט אַנ'עולם!

נחמה (אונרוהיג). איך פרעג אייך פון מונה'ן! איהר האָט גאָר ניט געהערט פון מיין מונה'ן? (בערמאַן קוקט אויף איהר שטאַרק פערוואונדערט. פונקט ווי ער קלערט ביי זיך, וואָס בעדייַט איהר פראַגע).

בערמאַן. וואָס? פון מונה'ן? שמעונ'ן האָב איך בעגעגענט, דאָס איז אמת. ער איז געלאָפען, שמעון, ווי אַ משוגע'נער. אָח־אָי־אָי. מונה'ן האָב איך ניט געזעהען. (לאַכט איראָניש) זי מיינט, אַז יעדער טראָגט איצט אַרום איהר מאַן אויפ'ן קאָפּ. מען טראָגט זיך אַרום מיט איהר מאַן, אָח־אָי־אָי. געהט זיך אָקאָרשט דורך איבער די גאַסען, וועט איהר וויסען, וואָס עס טהוט זיך. לאָזט זיך מיך צו זעצען. כ'וועל זיך אָברוהען אַ מינוט און וועל וויַיטער געהן.

שם. וואָס דערצעהלסטו דאָרט, בערמאַן? איך פערשטעה ניט גאָר ניט.

בערמאַן (זעצט זיך נעבען אָסנת'ן). רוק זיך נאָר, אַלטע. אָח־אָי־אָי. (לעגט די הויזען אויפ'ן קאַלטען פייער־טאָפּ) וואָס פערשטעהט איהר ניט?

אָסנת (טרייסעלט מיט'ן קאָפּ). איך קען אויפשטעהען...

בערמאַן. זיץ, אַלטע, אַז דו זיצסט, אָח־אָי־אָי! ניטאָ וואָס צו פערשטעהען, שם. עס איז קלאָר. איך בין אַ פשוט'ער מענש פון יענער וועלט, אי דאָס זעה איך אויך, וואָס עס טהוט זיך. נערעגקט זשע. — אַזוי האָט בערמאַן געזאָגט. פון וואַנען נעהמען



זיך אַלע צרות! אַלע שטאַמען פון איין וואָרצעל. איך לעב און איך ווייס, אַז אַלע צווייַגען, וויפיעל ס'איז דאָ אויפ'ן בוים, געהען פון איין וואָרצעל. דער וואָרצעל איז דער הונגעריגער מענש.

נחמה (סטאַרעט זיך איהם מאַכען אויפמערקזאַם). איך פרעג אייך וועגען מנוה'ן, בערמאַן. הערט זיך איין, וואָס איך זאָג. האָט אייך קיינער וועגען איהם ניט דערצעהלט? האָט איהר ניט געהערט, למשל: מ'האָט גע'הרג'ט אַ מענשען ביי־נאַכט, אַ מענש האָט זיך אויפגעהאָנגען?

בערמאַן. אָח־אָי־אָי! פון וואַנען זאָל איך וויסען? וואָס דולט איהר איצט דעם קאָפּ מיט אייער מאַן? ניט ער איינער וועט אומקומען. איהר וועט נאָכדעם דערמאָנען מיינע רייד, — איהר וועט זאָגען: בערמאַן דער שוטה האָט געזאָגט. אָח־אָי־אָי! ס'איז דאָ איינער בערמאַן, ער וואָהנט ביי מונה'ן, און ער האָט דאָס געזאָגט.

אָסנת. מען קען אייך ניט פערשטעהען. רעדט ווי אַ מענש.

בערמאַן. ווי דען רעד איך? ווי אַ פערד? אין שטאָדט איז ניט רוהיג... מען קומט פון דאַנען. מען קומט פון דאָרטען. און פאַר וואָס טאַקי, פרעג איך אייך, זאָל זיין רוהיג? וואָס איז מ'האָט אפשר געבראַכט ברויט און אויסגעשיט אין די גאַסען נעהמט, הונגעריגע, וויפיעל איהר דאַרפט? צו אפשר האָט מען געבראַכט קיהלען און צוגעבען די אָרימע לייט? איך בין אַנ'אַלטער הונד און איך האָב גאָר ניט, ניט קיין קול, ניט קיין צייהן. און זיי זענען ניט קיין אַלטע הינד (נעהמט אַרוים פון קעשענע שוואַרץ ברויט און געהט צו צו די קינדער) און אייך האָב איך לעקעך געבראַכט. ס'איז טאַקי ניט קיין לעקעך, נאָר ס'איז בעסער פון לעקעך. עסט, קליינינקע, עסט, מענשעלעך (גיט יעדערן אַ שטיקעלע).

בעטקע (מיט פרייד). מאַמע, ברויט! (שרייט) ברויט, ברויט! מאַמע, נאַ דיר אויך אַ שטיקעלע. נעהם זשע, נו, שעם זיך ניט.

נחמה (גלעט זי איבער'ן קאָפּ). עס אַליין. איך בין דען הונגעריג?

בעטקע (מיט טרערען אין קול). עס זשע, נו, (שטופּט איהר דאָס ברויט אין מויל) מאַמע, טייערע מאַמע מיינע.

אסנת. מוטשעט זי ניט, נחמה. נעהמט אַ שטיקעלע.

בערמאַן. איצט קען מען ווײַטער געהן. (הענגט די הויזען אויף דער וואַנד) מ'האָט זיי שיער ניט צוריסען. נו. אַ טאָג הײַנט. איך געדענק נאָך ניט אַזאַ טאָג.

שם (אונגעדולדיג). דערצעהל שוין אַמאָל, וואָס האָסטו געזעהען.

בערמאַן. איהר דאַרפט מיך פערשטעהען פון'ם ערשטען וואָרט. איהר קוקט דאָך אַרײַן אין די ספרים. דער עולם קאָכט זיך, דער עולם מאַכט מיט די קולאַקעס אָט אַזוי! און אַזוי מאַכט ער אויך, ווי אַ לײב אין וואַלד. (שטעלט אויס די צייהן) און עס רוישט. איהר האָט געהערט, ווי דער ווינד רוישט? אַזוי רוישט דאָ: ששש, שששש!

שם (מיט פערדרוס). וואָס זשע האָסטו געשוויגען? איך וועל אויך געהן זעהען.

אָסנת (אונצופרידען). מענשען געהען פון זינען אַראָב. ווענינ צרות האָבען זיי. (זי שטעהט אויף) אַי, בערמאַן, בערמאַן! איהר אויך? מען דאַרף געהן צום דאַווענען, — זיי געהען פון'ם דאַווענען. מען וועט פון זיי מאַכען אַ הקל! מען הונגערט, מען שטאַרבט, ווער איז שולדיג דערינען? אַמאָליגע יאָהרען פלעגט אפילו ניט גוט זײַן, איז פאָרט געווען גוט. איז געווען אַ שמחה — האָט מען געדאַוועגט, איז געווען אַ צרה — האָט מען געדאַווענט. מ'איז געזעסען אין שטוב, און געלאַכט שטיל, און געוויינט שטיל. איהר געהט אויך, שם? וואָס דאַרפט איהר געהן? בערמאַן זאָל געהן, פון איהם איז ניטאָ וואָס צו רעדען. אָבער איהר, שם, איהר זענט דאָך, קיין עין־הרע ניט, אַ מענש. אַ בכבוד'יגער מענש.

שם. זיץ זיך, אַלטע, און שוויַג.

בערמאַן. נאָט אײַך אַ גראָשען פאַר אַלע אײַערע ווערטער... (לאַכט).

נחמה (טרויעריג). און מיר איז אַלץ אײנס. זאָל מען דאָרט שרייען, זאָל מען שווייגען, מיר איז אַלץ אײנס. דאָס וואָס אָט דאָ שרייט, איז העכער פון זיי, שטאַרקער פון זיי. און ווער הערט? ניין, מיר איז אַלץ אײנס. זוכט מיר נאָר אָב מײַן מונה'ן. (עס עפענט זיך די טהיר, און אויפ'ן שוועל בעווייזט זיך הערשעל. ער בעקוקט אַלע. אויפ'ן קאָפּ איז בײַ איהם, ווי פריהער, אַ צוגע־פלעטשטער צילינדער־הוט. ער דרעהט ווילד מיט די אויגען).

הערשעל. חאַ־חאַ. אַהאַ, חאַ! אַהאַ! (לאַכט).



נחמה (דערשראָקען). ווײַטער הערשעל.

שם (מיט כעס). אַוועק פון דאַנען. געה, ניט־גוטער! (הערשעל קעהרט זיך אויס און געהט אַוועק. עס הערט זיך זײַן געלעכטער. אָסנת געהט גיך נאָך איהם).

אָסנת. (מיט פערצווייפלונג) אַצונד זעה איך, אַז איך בין פערפאַלען.

שם. וואַרט אויס, בערמאַן, איך געה מיט אײַך. עס וועט גאָר ניט זײַן, נחמה. זאָרג זיך ניט. איך זאָג דיר: עס וועט גאָר ניט זײַן.

נחמה (געהט צו צו שם'ן; מיט געבעט). פעטער. איהר וועט אַרומגעהן אין די גאַסען... טהוט אַ זוך מײַן מונה'ן. אָט געהט איהר אַוועק — דאַכט זיך מיר, אַז איך וועל שטאַרבען. אַזוי דאַכט זיך מיר. עס טריפט מיר בלוט פון מײַן האַרץ איבער אַלצדינג, פעטער, איבער אַלצדינג. די קינדער וועלען מיך איבערפיהרען פון דער וועלט. אַז איהר וועט זעהען מונה'ן, זאָגט איהם מיט מײַן קול: קום צוריק, מונה, קום צוריק! נחמה איז שוין אויף דיר ניט ברוגז. זי איז דיר מוחל... נחמה זיצט און בעוויינט דיך... (זי האָט זיך צוויינט)

שם (געריהרט). הער אויף, נחמה, ער וועט קומען.

נחמה (לעגט איהם דעם קאָפּ אויפ'ן אַקסעל). פעטער פעטער, איהר זעהט... ער זעהט.

בערמאַן (האָט זיך אָבגעקעהרט). איהר געהט, שם?

נחמה (איז צוגעגאַנגען צו בערמאַנ'ען). און אײַך בעט איך אויך. איהר זענט אַ גוטער מענש, אויב איהר וועט עפּיס הערען פון מונה'ן, וואַרפט אַוועק אַלצדינג און קומט צוגעהן מיר זאָגען. קוקט אין אַלע זײַטען, לאָזט קיין מענשען ניט פאַרבײַ. אַז איהר וועט איהם דערזעהען, כאַפּט איהם אָן, אַזוי ווי איך, און האַלט איהם צו. זאָגט איהם ווייך, אָט אַזוי: „מונה, דײַנע קינדער זענען הונגעריג און בעטען: ברויט, ברויט! און פון שטוב האָט מען שוין אַלעס פערקויפט. נחמה זיצט אויסער זיך. זי פערשטעהט גאָר ניט נחמה, און זי וויל עפּיס טהאָן. פאַר האַרץ־וועהטאָג, מונה, זי גלויבט שוין ניט נחמה אין קיין שום זאַך. מונה, דו דאַרפסט זיך אומקעהרען אַהיים אַ מענש. אַ שטאַרקער מענש און אַ גוטער בעל־הבית איבער דײַן געזינד. זי וואַרט אויף דיר נחמה... זי קוקט אַזוי אַרויס"...

בערמאַן (הערט, אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ). גוט, גוט, איך וועל מיט זיך נעהמען אַ שטעקען, שם. איהר געהט? וואו איז מיין שטעקען?

שם. איך בין גרייט. דיין שטעקען איז אין ווינקעל. (בערמאַן נעהמט דעם שטעקען. און ביידע געהען אַרויס. נאָך זיי לויפט אַרויס דוד. נחמה געהט צו צום פענסטער. זי האָט צוגעלעגט דעם שטערן צום גלאָז און קוקט אַרויס אויפ'ן גאַס. עס הערט זיך אַ דומפּ געריוש. בעטקע שרעקט זיך).

בעטקע. וואָס איז דאָס, מאַמע? עפּיס שרייט מען אָדער מען זינגט?

נחמה. זאָל מען שרייען. (זי שטעהט אין אַ פערצאָגטער פּאָזע און הערט זיך איין. אויפ'ן פּנים בעוויזט זיך אַ אויסדרוק פון דערשרעק. עפּיס ווי ס'איז איהר אַרויפגעקומען אויפ'ן קאָפּ אַ שווערער געדאַנק. זי מאַכט מיט די הענד, כדי זיך אָבצושעפּען פון איהם. עס געהט אַריין שמעון. ער זעהט אויס צוטראָגען, ניט בעגריסענדיג קיינעם, קוקט ער אַרום דעם צימער מיט אַ אַ איינפערזיכטיגען בליק. געטהאָן אַ שווערען זיפץ.)

שמעון (מיט אַ אוננאַטירליך הויכער שטים) זיי זענען דאָ ניטאָ.

נחמה (קומט צו זיך). איהר האָט מיך דערשראָקען, שמעון. וואָס איז מיט אייך? ווי געהט איהר דאָס היטעל?

שמעון (מאַכט אונגעדולדיג מיט דער האַנד). אָקאָרשט האָב איך זיי געזעהען צווישען צווישען עולם און האָב זיי ווידער אָנגע-וואָרען. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי געהען אַהער. און זיי האָבען געלאַכט, און געלאַכט, און געלאַכט!

נחמה. ווישט אייך אויס דאָס פּנים, ס'איז אין בלאָטע.

שמעון. פון מיר ... (טהוט אַ גלעט דאָס פּנים מיט דער האַנד) איך בין געלאָפען, אין גאַס איז בלאָטיג ... איך בין געלאָפען! און דער עולם האָט אונז צושיידט. מ'האָט מיך אָבגעשטופּט אָן אַ זייט.

נחמה. איך ווייס ניט, פון וועמען רעדט איהר. פון מירה'ן?

שמעון (אויפגערעגט). איך רעד פון איהם און פון מיר'הן. וואָס האָט ער צו מיר? ס'אַ ליידאַק! אַ נידעריגער מענש! וואָס וויל ער פון מיר האָבען? זאָגט, וואָס? איהר האָט אַליין געזאָגט, אַז מירה דאַרף ניט האָבען קיין בעסערען מאַן ... איך האָב געוואָרט



אַ יאָהר, צוויי ... איצט איז אַלצדינג געוואָרען קאַפּויר איבער איהם. פאַר וואָס האָט איהר איהם אַריינגעלאָזט צו זיך? איך וועל זיך קלאָגען אויף אייך.

נחמה (מיט נעבעט, אונרוהיג). קומט בעסער, שמעון, אַנ-אַנדערש מאָל. מיין קאָפּ איז מיר פערשלאָגען מיט דאַגות. איהר וועט מיר דערצעהלען פון ליעבע, און איך וועל זיך צולאַכען. ס'איז נאָך דאָ אויף דער וועלט ליעבע, מענשען פיהלען נאָך, הייסט עס ...

שמעון. רעדט מיר ניט, — ס'איז מיר נמאס. אומעטום הער איך נאָר איינס: ניטאָ קיין אַרבייט, ס'אַ הונגער, און וואָס נאָך ס'קומט מיר אויס הערען! מען קען אָבער ניט לעבען אַזוי— שטענדיג זיך קלאָגען אויפ'ן הונגער. עס ווילט זיך לעבען. דאָס בלוט קאָכט, דער מוח ברענט. איהר האָט שטענדיג געהאַלטען מיין צד, נחמה. וואָס זשע שווייגט איהר אַצונד? אפשר געפעלט ער אייך אויך? איך זעה זי זעלטען ... פאַר וואָס? פאַר וואָס מיידט זי מיך אויס? איך וויל וויסען, פאַר וואָס? אויב איך בין שולדיג, זאָל זי זאָגען, אין וואָס איז מיין שולד? (אויפגערעגט) מיין געדולד געהט מיר שוין אויס. זי וויל מיך ניט אויסהערען, און ביי מיר האָט פאַר די צוויי חדשים אַזוי פיעל אָנגעזאַמעלט אויפ'ן האַרצען! עס ווערגט מיך דער כעס.

נחמה. רוהיגער, שמעון, וואָס איז מיט אייך.

שמעון (בלינד). איך וויל מעהר ניט ליידען, איך קען ניט. דאָ וועט פערגאָסען ווערען בלוט. ווען ניט אָט דער נידעריגער, מיאוס'ער מענש, וואָלט זי חתונה געהאַט פאַר מיר. זי וואָלט מיך ליעב געקריגען. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? (מיט גרויס צאָרן) דאָ וועט פערגאָסען ווערען בלוט.

נחמה. נעהמט זיך אַליין אין די הענד אַריין, שמעון. זעהט נאָר, ווי ער האָט איהם פיינד. אַזוי ליעב האָט איהר זי? אַזוי שטאַרק?

שמעון. איך שטאַרב אַוועק. איך וואָלט זיך אויף שטיקלעך צוריסען, אַזוי האָב איך זי ליעב.

נחמה (בעוויעגט). דאָס האָט מיר אויך עפּיס דערמאָנט. איך האָב זיך מונה'ן ניט ליעב געהאַט, אַז איך האָב חתונה געהאַט פאַר איהם.

שמעון (הערט זיך איין). עס קלאַפּט מיר מיין האַרץ.

מסתּמא איז זי ניט ווײַט. איך פֿיהל שטענדיג, וואו זי איז. (קוקט זיך אַרום און הערט זיך אײַן) איך ווער שטיל. פֿאַר איהר אין די אויגען קען איך ניט שרײַען. און עס טרעפֿט אַמאָל, אַז איך וויל אויפֿהויבען די האַנד און טויטען אי זי, אי מיך. (טרויעריג) ווען עמיצער זאָל מיך קענען אויסהײַלען...

נחמה (טרויעריג, אײַנפֿאַך). איך האָב אויך אַ מאָל ליעב געהאַט אַזוי.

שמעון. איהר א'יך? (פֿערוואונדערט און געריהרט) ס'אַנ'אמת?

נחמה. מ'האָט איהם צוגענומען פֿאַר אַ סאָלדאַט... (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ) און... ער איז ניט געקומען צוריק.

שמעון (מיט געפֿיהל). נעבאַך, אַ רחמנות אויף אײַך! אויף מיר אויך אַ רחמנות, נחמה. עס ברענט מיר דאָס האַרץ, און רעדען קען איך ניט. איך שלאָף ניט נעכט. און לעג זיך אין בעט און טראַכט ביז אינדערפֿריה: נאָך ניטאָ זי ביי מיר, נאָך ניטאָ זי, ניטאָ נאָך מירה? איך וויין פֿאַר כעס, ווי אַ קינד. ניטאָ מירה! אַמאָל שטעל איך זיך ביי'ם פֿענסטער און קוק אויפֿ'ן גאַס; דאָס האַרץ קלעמט — ניטאָ מירה. און איך לויף פֿון שטוב, וואוהין? אַהער לויף איך. איך גיה אַרום און קוק אויפֿ'ן פֿענסטער: כאָטש זעהען איהר שײַן. (נחמה שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ. פּויזע.)

נחמה. אין לעבען איז שטענדיג אַזוי: דו געהסט אויף רעכטס, דאָס גליק געהט אויף לינקס. דו געהסט אויף לינקס, דער שלים־מזל געהט אויך לינקס.

שמעון. דאָס איז אמת. איך זיץ אין דער היים און טראַכט. איך שקריע מיט די צייהן און טראַכט: אויב ניט מיר, איז קיינעם ניט. קיינער זאָל זיך ניט צוריהרען צו מירה'ן. אַז ניט וועט פֿער־גאָסען ווערען בלוט. דאָ ניט לאַנג האָב איך איהר געזאָגט: מירה, די ערד וועט פֿערגאָסען ווערען מיט בלוט. האָט זי געענטפֿערט: „איך וויל זעהען בלוט“, אָט דאָס האָט זי געענטפֿערט. זאָגט מיר, נחמה, איהר זענט דאָך קינדער פֿון איין מאַמע? פֿאַר וואָס זשע זענט איהר אַנדערש? פֿריהער האָב איך געטראַכט, אַז מיט געדולד קען מען מאַכען אַלצדינג. אפֿשר דאַרף מען פֿאָדערן? אפֿשר דאַרף מען זאָגען הויך, אויף אַ קול: ס'איז מײַנס! אָנכאַפּען פֿאַר די צעפּ, אַרומוויקלען זיי אַרום האַנד און זי אַוועקשלעפּען מיט זיך?

נחמה (דערשרעקט זיך פֿאַר זײַן קול און זײַן בעוועגונג).



איך בעט אײַך, שמעון. פֿערליהרט ניט דעם קאָפּ.

שמעון (פֿינסטער). וואָס זשע זאָל איך טהאָן? לאַכען איז איצט שווער. איך וועל שוין קיינמאָל ניט לאַכען... זאָגט מיר, זי האָט ליעב גבאַי'ן? זײַט זיך מודה.

נחמה. איך וויים ניט, אויף געוויס וויים איך ניט.

שמעון (דערשראָקען). אפֿשר האָט זי איהם ליעב. פֿאַר וואָס זשע? ער איז דען שעהנער פֿון מיר? ער פֿאָלגט בעסער? אָדער ער פֿערדיענט געלט מעהר פֿון מיר? זאָגט מיר, אַז ער איז בעסער פֿון מיר, וועל איך אַוועקגעהן.

נחמה. ער האָט פֿאַר קיין זאַך ניט מורא. מירה האָט מיר אַנימעלטען געזאָגט: „אָט ער איז דער האַר פֿונ'ם לעבען!“.

שמעון (אויפֿגעשפּרונגען). אַזוי האָט זי געזאָגט? זאָגט נאָך אַמאָל, — ווי אַזוי האָט זי געזאָגט? אַ האַר! וואָס איז ער פֿאַר אַ האַר — אַ קבצן. בונטעווען דעם עולם — דאָס הייסט זײַן אַ האַר? דערמאָנט זיך נאָר, פֿון וועמען איהר רעדט, נחמה. אַזוינע חברה דאַרף מען דאָך הרג'נען, ווי משוגע'נע הינד. אַזוי טהוען דען לייטישע מענשען: רעדען מיאוס'ע ווערטער, אַראָב־פֿיהרען מענשען פֿונ'ם ריכטיגען וועג? און אַזאַ מין אַרבייט גע־פֿעלט, אָט דאָס קאָכט מיך. פֿאַר וואָס געפֿעלט דאָס? פֿערשאָל־טענע, פֿערשאָלטענע ווערטער...

נחמה. די ווערטער זענען שעהן, אַזוי זאָגט מירה. זיי שטעלען זיך אויס אי אַזוי, אי אַזוי. זיי שעפּצען שטילערהייט, זיי הילכען ווי אַ טרומייט...

שמעון (מיט געבעט). רעדט איהר מיט איהר איבער. אפֿשר וועט איהר מיך אָבראַטעווען. טהוט איהר שטאַרק אַ בעט אָדער שרייט אויף איהר אָן. איך גיעב אײַך מײַן ערהען־וואָרט, אַז ס'וועט איהר זײַן ביי מיר גוט. איהר קענט ניט? וואוהין זשע זאָל איך איצט געהן? וואו זאָל איך זי זוכען? און אין שטאָדט איז אונרוהיג, און וואָס קעהר איך זיך אָן איצט מיט מענשען?

נחמה (דערמאָנט זיך איהר זאָרג). מונה'ן האָט איהר ניט געזעהען אין שטאָדט?

שמעון. ניין. קויפֿעס אַרבייטער האָב איך בעגעגענט. ס'איז איצט אַ פּחד אין גאַס! (פּלוצים) זי איז ערגיץ דאָ נאָהענט. (עס הערען זיך געשרייען און ווערען שטילער).

נחמה. וואָס איז דאָס? (לויפט צו צום פענסטער) איהר הערט?

שמעון. דאָס איז די אַרבּײטער!

נחמה (וואַרפט אויף זיך אַרויף אײַלענדיג דעם שאַל). איך דאַרף געהן זעהען, וואָס איז דאָרט. איהר געהט, שמעון? קינדער, זיצט שטיל!

שמעון. כ'וועל געהן זי זוכען. (עס הערט זיך ווײַטער אַ גערויש פון פערשידענע שטימען, געשרײען. בּײדע געהען גיך אַרויס. עס הערט זיך, ווי זײ לויפען איבּער'ן קאָרידאָר. עס עפענט זיך די טהיר, און עס געהט אַרײַן אַ שְׁכֵנָה. זי בּעקוקט דעם צימער און געהט שנעל אַרויס. בּעטקע מיט די קינדער איז צוגעלאָפען צום פענסטער. דאָס געפילדער ווערט בּיסלעכווײַז שטילער. עס הערען זיך טריט אין קאָרידאָר. ס'געהען אַרײַן מירה און גבּאַי. בּעטקע טהוט אַ פרעהליכען געשרײ.)

מירה (ענטטוישט). קײנער ניטאָ אין דער היים?

נבּאי. זײ זענען מסתּמא אַלע אַוועק אויפ'ן גאַס. (קענטיג, אַז ער איז מיעד, ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן בּאַנק).

מירה (געהט צו צו די קינדער און קושט זײ). וואו איז די מאַמע, בּעטקע?

בּעטקע. נאָר וואָס אַרויס. האָסט זי בּעגעגענט, און מיר האָבּען מורא... מען שרײַט!

גבּאי. איך וועל אײַך בּאַלד מאַכען פרעהליך. אַנו. לאָמיר זיך נאָר שפּיעלען.

בּעטקע. דו קענסט נאָר צוזאָגען. איך זעה, אַז דו געהסט אַוועק.

גבּאי. אַוודאי געה איך אַוועק. (לאַכט) ס'אַ מְחַיָה, וואָס איך דאַרף אַוועקגעהן.

בּעטקע. און מיר געפעלט עס ניט...

מירה (צו בּעטקע'ן). קײנער דאָ ניט געווען?

בּעטקע. שמעון איז געווען. ער איז אַוועקגעגאַנגען מיט דער מאַמען. און ער האָט אַזוינס גערעדט... נײן, איך וועל דיר ניט זאָגען, וואָס ער האָט גערעדט.

מירה שמעון. (קנײטשט זיך) און דער טאַטע איז געקומען?

בּעטקע (טרויעריג). דער טאַטע איז נאָך אַלץ ניטאָ. די מאַמע האָט געוויינט.



מירה (אונרוהיג). זעהסטו, גבּאַי. מונה איז ניט געקומען. וואָס קען דאָס בּעדײַטען? מסתּמא האָט זיך מיט איהם אַנ'אומגליק געטראָפען. און דו האָסט מיר נאָך אײַנגערעדט, אַז ס'איז גאָר ניט. איך האָבּ געזאָגט, אַז מען דאַרף אַהער אַרײַנגעהן.

גבּאי. וואָס זשע האָבּען מיר אויסגעשפּיעלט דערפון, וואָס איך האָבּ דיך געפאָלגט?

מירה. גאָר ניט... נײן, כ'האָבּ אויסגעשפּיעלט. כ'וועל אַדורכגעהן מיט אַ משׂא אויפ'ן האַרצען. (ערנסט) נו אַ לעבּען, בּעהיט זאָל מען ווערען. דאָ ווערט עמיצער קראַנק, דאָ שטאַרבּט עמיצער.

נבּאי. קלאָג זיך ניט, מירה. הײַנט טאָרסטו זיך ניט קלאָגען.

מירה. איך קלאָג זיך ניט... דאָס איז אַנ'אַנדער זאַך...

גבּאי (אונצופרידען). וואָס אַנ'אַנדער זאַך?..

מירה. עפּיס אַנ'אַנדערס. שאָקעל ניט מיט'ן קאָפּ! איך עפען פאַר דיר מײַן נְשָׁמָה... אָן דאָרט... אין גאַס אַז דו געהסט, קלאַפּען טויזענטער טריט אין מײַן האַרץ. עפּיס ענג ווערט אין האַרצען פון אַ עדלעם געפיהל, עס ווילט זיך צורײַסען זיך אַלײן. קושען ווילט זיך אַלע מענשען. און שמײכלען פרעהליך... די מאַסע זיצט אין האַרצען... אַ ריכטער, האָט זיך מיך געדאַכט, איז די מאַסע. (מיט קראַפט) ס'איז דאָ גענוג אַרבּײט! אמת! אָבּער די אַרבּײט שטאַמט דאָך פון רעם פערשאָלטענעם לעבּען...

גבּאי (שלאָגט איהר איבּער די רײד). אַך מירה...

מירה. אָט, זעהסטו... בּעטראַכט זיך נאָר גוט. וואָס פאַר אַ עדעלע זאַך קען שטאַמען פון אַ פערשאָלטענעם לעבּען? האַ? זאָל איך, הײסט עס, דאַנקען אָט דעם פערשאָלטענעם לעבּען? און פרוף אָהן איהם — זיצסטו גאָר און קלאַפּסט זיך ווי אַ פויגעל אָן די גראַטעס פון שטײַג. אָט וואָס עס לאָזט מיך ניט רוהען. איך טראַכט מיר אַלץ, אפשר איז דאָ עפּיס אַנדערש, אַחוץ דעם פערשאָלטענעם לעבּען און אַחוץ דער אַרבּײט? אפשר טאַקי איז דאָ? אפשר דאַרף מען ערגיץ אַוועקגעהן אָן אַזײַט, וועט זיך פלוצלונג עפענען אַ טהיר, אַנ'אַנדער טהיר... (זי האַקט זיך איבּער די רײד און קוקט אויף איהם צומישט) וואָס זשע וויל איך?

גבּאי. ווײַטער פרעגען? זאָג, איז דען איצט דערויף אַ צײַט?

ס'איז דיך שווער צו פֿערשטעהען, מירה, שווער צו כאַפּען, וואָס דו ביסט. דאַנקען דעם פֿערשאָלטענעם לעבען. נאָך וואָס? מען דאַרף פֿריהער אַרויסגעהן אויף אַ גלײַכען וועג, נאָכדעם וועלען מיר שוין בעקלערען אַלצדינג. ס'איז דאָ אַ פֿערשאָלטען לעבען, דאַרף מען מאַכען, אַז עס זאָל ניט זײַן. דאָס איז פֿאַר אַלעמען. לאָמיר עס פֿערניכטען! האָסט דען היינט ניט געזעהען, ווי דער אָדלער צושפּרייט זײַנע פֿליגעל? הערסט דען ניט פֿון דאַנען, ווי דאָס פֿאָלק נעהמט די קייטען אין זײַנע הענד? אָט דאָס איז דער אֶמת, אָט דאָס איז דער וואונדערבאַרער אֶמת. ער ערשיטערט אי מיך, אי דיך, אי אונז אַלע...

מירה (שוין בעגײַסטערט). רעד, רעד! (קוקט אויף איהם מיט ענטציקונג).

גבאי (נעהמט זי אַרום און קושט זי). מײַן טײַערע מירה!

מירה (פּלוצים קאַלט). ניין, רעד, רעד... וואָס האַקסטו אַלע מאָל איבער די רייד זיך אַליין?.. אַזוינע ווערטער און פּלוצים קושען! צו וואָס? רעד... ווײַטער. זאָג: איך האָב דיך ליעב? דו קישסט מיך, און איך פֿרעג, צו האָב איך דיך ליעב? עס טרעפֿט אַמאָל, עס פֿערקלעמט בײַ'ם האַרצען... און פּלוצלונג איז מיר שוין ווײַטער עפּיס ניט געפֿעלען. בײַ דיר איז אויך אַזוי?

גבאי. מיר געפֿעלט שטענדיג...

מירה. און מיר ניט. (פֿערצווייפֿעלט) צו וועל איך שוין קיינמאָל ניט ליעבען? ווען דו רעדסט וועגען קומענדיגען לעבען פֿערקלעמט מיר אויך בײַ'ם האַרצען... און עס געפֿעלט מיר ניט... צום סוף. נאָר עס שרעקט מיך, אַז דו קושסט. קוש מיך ניט, ווען דו רעדסט. וואָס דאַרף מען דאָס? (האַקט אָב די רייד. פֿינסטער) ניין, ניט דאָס מיין איך. פֿאַר וואָס, גבאַי, איז ניטאָ אַזוינע ווערטער, אַז מ'זאָל קענען אַרויסגעבען אַלצדינג, אַלצדינג? שטענדיג בלײַבט עפּיס... דאָס וויכטיגסטע, דאָס נויטיגסטע. איך שעץ דיך הויך, און פֿונדעסטוועגען שרעקט מיך, אַז דו זאָגסט: מײַנע. האָסט אָקאָרשט געזאָגט — מײַן מירה. ניין, איך בין ניט דײַנע... איך בין עמיצענס, נאָר ניט דײַנע!

גבאי. פֿאַר וואָס זשע ניט מײַנע?

מירה. אָט דאָס קענסטו ניט פֿערשטעהען... ניט דײַנע! (קושט איהם פּלוצלונג הייס)

גבאי. איך הויב ניט אָן צו פֿערשטעהען.



מירה. דו קענסט ניט פֿערשטעהען. (שעפּצעט) עמיצער רופֿט מיך, עפּיס רופֿט מיך!.. ס'קען זײַן, איך וואָלט דיך ליעב געקריגען, דערפֿאַר וואָס דו ביסט... (לאַכט) מוטהיג צום קאַמפּף, — איהר אַרבייטס-לײַט! דאָס פֿער'שכור'ט, ווי ווײַן! (מיעד) דאָס פֿערדרעהט אַלעמען די קעפּ, אַלע הונגעריגע, אונטערדריקטע פֿערדרעהט דאָס די קעפּ, און ווערטער שפּראָצען, און די פֿויסטען דריקען זיך צוזאַמען, און טהוסטו אַ קוק אַרום און אַרום, טראַכסטו זיך, — ס'איז גוט, וואָס ס'איז דאָ אַזוינע ווערטער, ס'איז גוט, וואָס בײַ אַלעמען דריקען זיך צוזאַמען די פֿויסטען, בײַ אַלעמען!.. (זי רעדט אַרויס דאָס וואָרט מיט אײַנגעהאַלטענער פֿעראַכטונג) און איך וואָס וויל? פֿיהר מיך צו צום פֿענסטער און וואַרף מיך אַרויס אויפֿ'ן גאַס. (מיט אַ פֿערמאַטערט קול) נו, זײַ ניט ברוגז... איך האָב דיך ליעב. (זי האָט אָנגעהויבען וויינען. ער קושט זי.)

בעטקע (פּלעסקעט מיט די הענד). גבאַי קושט מירה'ן!

גבאי. דו דאַרפֿסט זיך נעהמען אין די הענד אַרײַן, כ'לעבען, איך פֿערשטעה דיך ניט. וואָס דאַרף מען מוטשען זיך אַליין, אַז אַלעס איז אַזוי קלאָר. זעה: אָט איז די צוקונפֿט! (געהט צו צום פֿענסטער) זעה: עס געהען אונזערע ברידער. זיי טראָגען גערעכֿטיגקייט!

מירה (רײַסט איהם איבער). דאָס לעבען אַרום און אַרום איז שרעקליך, דאָס איז אֶמת, גבאַי. אָבער די צוקונפֿט!.. זאָג מיר — היינט, באַלד, וועל איך אָבגעבען דערפֿאַר מײַן לעבען, גלויב מיר, איך וואָלט זיך געלאָזט פּײַניגען צום טויט, אַבי נאָר ס'זאָל ווערען ליכטיג, ס'זאָל ווערען אֶמת, אַבי נאָר די אַלע הײַזער זאָלען ניט בלײַבען און די אומגליקליכע מענשען זאָלען פֿערשווינדען, אַבי נאָר אַלע זאָלען האָבען ברויט צו זאַט און אַ ריין קלייד. (קלערט) און צום סוף זעהט עס אויס לאַנגווײַליג... (מיט אַ שטורמדיג געפֿיהל) עפּיס אַנדערש וויל דאָס האַרץ... נאָר איך וואָלט זיך מפֿקיר געווען. נאָר... גיכער. וואָס גיכער! אָט איז אַ שלאַנג, אַ בער, אַ ווילדער אָקס... זיי זענען צורייצט, זיי זענען געפֿעהרליך, מען קען נעהמען אַ האַק און זיי טויטען... באַלד אויפֿ'ן אָרט.

גבאי (אונגעדולדיג און טאַקי באַלד ווייך). באַלד! יאָ, באַלד... גיעב אַ קוק אויפֿ'ן גאַס! (מיט געבעט) פֿרעג ניט איצט... אַלעס ווענדט זיך אָן די מענשען, אָן זייערע ליידען, אָן זייער

שרעקליכער אונוויסענהייט, אָן די פֿערשאָלטענע געפֿיהלען פֿון אַ קנעכט... מען דאַרף זיי עפֿענען די אויגען און זיי פֿיהרען. אַט דאָס איז די אויפֿגאַבע! דער שונא איז שטאַרק: הונדערטער יאָהרען האָט ער כח געזאַמעלט, טויזענטער־יאָהריגע כוחות זיצען אין איהם. שרעקליך איז דער שונא, אונגעהייער שרעקליך, און מיר הייבען נאָר וואָס אויף דעם קאָפּ. פֿרעג ניט...

מירה (מיט התלהבות). מיר ווילט זיך אַבגעבען מיין לעבען. מיר דאַכט זיך, עס איז אַזוי שעהן, אַזוי וואונדערבאַר. אַ וואונדערבאַרע זאַך וויל איך טהאָן. זאָלען אַלע ווערען גליקליך. און איך זאָל ליידען ביז אייביג, — דערויף בין איך מסכים. אַלע בעפֿרייען, פֿאַר אַלע אַ קרבן זיין, — דאָס וויל איך, נאָר באַלד! מ'זאָל ניט דאַרפֿען וואַרטען, ניט דאַרפֿען שמאַכטען. פֿיהר מיך, וויין מיר... (גבאי מאַכט אין פֿערצווייפֿלונג מיט זיין האַנד) נו, זיי ניט ברוגז, אפשר פֿערשטעה איך ניט.

גבאי. אַך, מיט דיר איז שווער אויסצוקומען. (וויל זי אָננעהמען פֿאַר דער האַנד).

מירה (בעהאַלט די האַנד קאַלט). מען דאַרף ניט. (באַלד מיט היץ) נעהם זי, נעהם.

גבאי. טאָ קום זשע... (עס געהט אַריין שמעון. ער איז בלייך פֿאַר צאָרן. ער רעדט פֿערסאָפּעט).

שמעון. אַהאַ, דו ביסט דאָ... מיט איהם! איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל דיך געפֿינען. (גבאי געהט צו צו בעטקע'ן און זעצט זיך נעבען איהר אויפֿ'ן בעט).

שמעון. און איצט געהסטו אַוועק?

מירה. וואָס איז דיין עסק?

גבאי. מירה, אויב געהן איז געגאַנגען. (עס הערט זיך דאָס גערויש פֿון דער מאַסע) בעטקע, הערסט, וואָס עס טהוט זיך אויפֿ'ן גאַס? דאָס איז אונזערע ברידער. אַנו, זאָג מיר נאָך! בעטקע. אין גאַס איז אונזערע ברידער...

שמעון (פֿעסט). דו וועסט ניט געהן, מירה. איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט געהן. (מיט קראַפֿט) אַז איך וויל ניט, וועט עס קיינמאָל ניט זיין.

מירה (האָט זיך צולאַכט). איך וועל געהן.

שמעון. מירה!

מירה (האַלב אויסגעדרעהט). וואָס ווילסטו פֿון מיר?



שמעון (פּלוצים שטיל). איך וויל דיר זאָגען צוויי ווערטער. נאָר צוויי ווערטער.

מירה. נו רעד. נאָר גיכער.

שמעון. זאָג איהם, ער זאָל אַרויסגעהן. איך וויל, אַז קיינער זאָל ניט הערען. איך קען דאָס זאָגען נאָר דיר אַליין.

מירה (אונענטשלאָסען). גבאי, געה אַראָב און וואַרט אויף מיר נעבען טויער.

גבאי. דו ווייסט, מירה... נו, גוט! נאָר זוים זיך ניט. (ער געהט אַרויס. שמעון, ווען גבאי געהט אַרויס, נעהמט מירה'ן אָן פֿאַר דער האַנד. זי רייסט זי אויס. זי געהט אַוועק פֿון איהם עטליכע טריט).

שמעון (שטילערהייט, מיט געבעט). אַט איצט האָסטו אויסגעריסען דיין האַנד, און אַמאָל פֿלעגסטו לאָזען זיך קושען. (ליידענשאַפֿטליך) קרוין מיינע, האַרץ מיינס! איך בין שוין ניט ברוגז. מיר זענען צוזאַמען... אַליין.

מירה (צערשטרייט). נו, איך ווייס דאָס! ליעבע... (אונגעדולדיג) זאָג זשע גיכער, איך האָב קיין צייט ניט.

שמעון. וואָס דאַרפֿסטו זיך חאַפּען? אויפֿ'ן גאַס איז אונרוהיג. מען צוטרייבט מיט געוואַלד...

מירה (קעהרט זיך אום צו געהן). ס'איז ניט דיין עסק.

שמעון (פֿערשטעלט איהר דעם וועג). מירה! (מיט אַ פֿערדומפּען קול) דו זעהסט דאָך, אַז איך האַלט זיך קוים איין.

מירה. מעגסט זיך ניט איינהאַלטען.

שמעון. וואָס האָסטו צו מיר? וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָב איך דיר געטהאָן? דו קוקסט אין אַלע זייטען, דיר איז לאַנגווייליג. ס'איז אָבער ניט קיין שפּילכעל. איך עפֿען פֿאַר דיר מיין נשמה. דערמאָן זיך, וויפֿיעל איך האָב איבער־געטראָגען צוליעב דיר. אַט שטעהסטו איצט, ווי אַ שטיין, און ביי מיר ציטערט דאָס האַרץ פֿאַר פֿרייד, וואָס איך זעה דיך. קוק זשע ניט אַזוי אויף מיר. צוויי ווערטער דאַרף איך דיר זאָגען.

מירה (בעטראַכט איהם מיט בעדויערן). אַלע ווערטער קענסטו, אַ חוץ איינעם.

שמעון (מיט היץ). וואָס טויג דיר ווערטער? איך האָב דיך ליעב, — דאָס איז די בעסטע ווערטער. בעטראַכט זיך נאָר, וואָס איז איצט מיין לעבען. איך בין אַ געזונטער מענש. מיינע הענד

ווילען אַרבייטען, מיין קערפּער בענקט נאָך האַרעוואַניע, און איך האָב זיך אָבגעריסען פון אַלצדינג. איך בין אָבגעשוואַכט אינגאַנצען... (איילענדיג) דו האָסט מיר געזאָגט: וואַרט!

מירה. איצט דאַרף מען שוין מעהר ניט וואַרטען.

שמעון. רעד ניט... דו האָסט געזאָגט: וואַרט, האָב איך געוואַרט. (ביטער) אָט האָב איך זיך דערוואַרט. איך האָב דיר דאָך קיין שלעכטס ניט געטהאָן.

מירה. דאָס איז אמת, דו האָסטו מיך אָבער ליעב.

שמעון. און ער האָט דיך דען ניט ליעב? פאַר וואָס ענטפערסטו מיר אַזוי? פאַר וואָס זעהט מען דיך שטענדיג מיט איהם? געדענקסט, איך האָב דיר געזאָגט: גבאי וועט דיך אָבנאַרען און נאָכדעם לאַכען פון דיר. ער וועט דיר ווייזען, וואָס ער איז.

מירה. דו פערשטעהסט גאָר ניט.

שמעון. מיין האַרץ פערשטעהט. איך בין אַ פּראָסטער מענש, דאָס איז אמת, נאָר איך פערשטעה. עפּיס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין. בעטראַכט זיך נאָר, מירה, אויף וועמען דו בייטסט מיך אויס. ער איז דען בעסער פון מיר? אפשר איז ער שטאַרקער? איך בין צעהן מאָל אַזוי שטאַרק ווי ער. איך קען איהם צונויפבויגען אין דרייען. איך בין אַנ'אַרבייטער אויך אַ בעסערער ווי ער. וואָס זשע האָסטו אין איהם דערזעהען? ער איז דאָך אַזאַ מענש, וואָס היינט איז ער דאָ, מאָרגען דאָרט, אַ אומרוהיגער איז ער, און ער וועט דיך אַוועקוואַרפען אָהן בחמנות, אַז איהם וועט דאָס טויגען. וועמען קענסטו זיין אַזוי טייער, ווי מיר? קיינעם ניט, מירה, קיינעם ניט. איך שווער דיר...

מירה (וועדט אָנגעצונדען). אַוועקוואַרפען? איך קען איהם אויך אַוועקוואַרפען. איך האָב איהם דען ליעב? איהם? (זי ווייסט ניט, ווי אויסצודריקען דאָס, וואָס זי פיהלט). איהם? אָט איז אַ וויסט לאַנד, שמעון. איך שטעה דאָ און זעה אַ געבענשט לאַנד... איך וויל אַהין. ווי קומט מען אַריבער? דורך אַ בריק, שמעון, דורך אַ בריק.

שמעון. דאָס פערשטעה איך ניט.

בעטקע (פּלוצים, הויך). גבאי האָט געקושט מירה'ן.

שמעון (קעהרט זיך שנעל אוים). וואָס האָט זי געזאָגט? (ער האָט אָנגעכאַפּט מ י ר ה'ן פאַר דער האַנד) דאָס איז אמת? וואָס האָסטו צו מיר?



מירה (צומישט). יאָ, געקישט.

שמעון. וואָס הייסט? ווי האָט ער דאָס געוואַגט? דו האָסט דאָך ניט געוואָלט. זאָג, אַז דו האָסט געוואָלט, וועל איך אַראָבגעהן אַראָב און איהם דער'הרג'נען. דער'הרגנען!.. זאָג נאָר איין וואָרט — דאָס לעבען איז ביי מיר ניט טייער. נו, זאָג זשע, — ער האָט געקושט? ער האָט זיך צוגעריהרט צו דיר? (ענטשלאָסען) גוט, גוט. איצטער ווייס איך, וואָס איך האָב מיט זיך צו טהאָן...

מירה (קאַלט). דו וועסט שטאַרבען? דאָס איז גוט... ווער עס קען ניט, דער זאָל שטאַרבען! וואָלט איך נאָר געקענט!..

שמעון. איצט וועל איך קימען אַהיים און זיך צו וויינען! איך וועל דערזעהען מיינע ווענד און זיך צווויינען. צו וואָס וועל איך שטעהען ביי'ם פענסטער, אַז ס'איז ניטאָ מירה. איך וועל זיך לעגען שלאָפען און וועל זיך שוין ניט זאָגען: מאָרגען וועל איך זיך דורכגעהן איבער דער גאַס, וואו עס וואָהנט מירה, זי וועט אַמאָל זיין מיין ווייב... איך וועל דערזעהען מיין גאַס און זיך צווויינען.

מירה. איך בין דען שולדיג? ס'איז מיר אויף דיר אַ רחמנות... ניין, איך האָב ניט קיין רחמנות. עפּיס טראַכט איך ניט וועגען דיר... אַזוי איז דאָס... וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט דיין אומגליק און וואָס בעדייט מיין גליק? מיר אַלע מוטשען זיך דאָ און געפינען ניט קיין וועג. איך וויל דאָס, דו — יענס, יעדער טראַכט וועגען זיך — עס ציהט אונז ערגיץ... איך בין דיר מקנא, שמעון. דו דאַרפסט מירה'ן, — ס'איז אַזוי גרינג, אַז מען וויל נאָר מירה'ן. אָבער איך, וואָס דאַרף איך? יאָ, גבאי! עס ווילט זיך אָבער אַנ'אַנדער זאַך, אַ וואונדערבאַרע. בין איך אונצופריעדען, ניין, איך בין אומגליקליך.

שמעון (פערוואונדערט, צערטליך). דו ביסט שטענדיג געווען אַ מאָרנע מיידעל, מירה. קיינער קען דיך ניט פערשטעהען.

מירה. געה אַהיים, שמעון. דו דאַרפסט מיך פערגעסען. דו האָסט געדולד. טהו זיך אָן אַ כח. איך בין גאָר ניט דאָס, וואָס דו מיינסט. מען קען מיך צו קיין זאַך ניט צובינדען, — ניט צו אַ מאַן, ניט צו קינדער, ניט צו אַ משפחה. פּלוצלונג קען איך אַלצדינג צורייסען און אַוועקפליהען. פליהען אַהין, פליהען אַהער. (פּלוצים, ערנסט) דאָס פאָלק ברומט אויפ'ן גאַס! וואָלט עס נאָר

געדאַרפט האָבען מיין לעבען! כ'וואָלט זיי געבענשט און וואָלט אַ קוש געגעבען מיין טויט.

שמעון (מיט אַ געפאַלען קול). הייסט עס, אוים! אָ מירה. ווי גוט איז פונדעסטוועגען, וואָס איך שטאַרב ניט פון הונגער, ניט פון קרענק, ניט פון עלטער, נאָר פון דיינע הענד! איך וויל דיר אַ קוש געבען דערפאַר. איך בין ניט ברוגז, איך פאָלג דיך, מירה. דו ביסט שטענדיג געווען שטאַרקער פון מיר, און מיר פלעגט געפעלען, וואָס אַזאַ יונג מיידעלע געוועלטיגט איבער אַזאַ גרויסען, ווי איך. איך בין געווען שטאָלץ... איך פלעג זאָגען צו זיך אַליין: איך וועל האָבען אַ ווייב מיט אַ קאָפּ. יעדער וועט זאָגען: ס'אַראַ קלוג ווייב שמעון האָט. נו, מילא, איך בין ניט ברוגז; איך האָב זיך, דוכט זיך, בערוהיגט. לאָז מיך דיך אַרומנעהמען. טהו אויף מיר אַ צערטליכען קוק, ווי דו פלעגסט קוקען אַמאָל.

מירה. זיי אַ מענש. ווער אַ מענש. שטאַרק זיך. דו קענסט ניט? וואָס קען איך בעדייטען פאַר אַ גאַנצען מענשען? דו קענסט ניט? אַזאַ כח האָט די ליעבע ביי אַ מענשען?

שמעון. זיי געזונד, מירה, איך גייה איצט אַהיים און ביז נאַכט וועל איך טראַכטען וועגען דיר. וואָס וועט נאָכדעם זיין? דאָס האַרץ וועט מיר שוין זאָגען, וואָס ס'וועט זיין...

מירה, דו פיהלסט דען ניט, ווי עס וויינט אין מיר מיין נשמה? וואָס זשע טהוט מען? מסתמא דאַרף זיין אַזוי. אפשר וועט קומען אַ נייע לעבען, אפשר וועט דאָס שוין ניט זיין... אָדער ס'וועט יאָ זיין? גייה, שמעון... גייה! (שמעון קישט זי)

בעטקע. שמעון קושט מירה'ן! (פלעסקעט מיט די הענד. שמעון גייהט שנעל אַוועק).

מירה (שטעהט פערטראַכט, האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד). נו, וואָס, בעטקע?

בעטקע. אי גבאי קושט דיך, אי שמעון קושט דיך. שעהן. ס'דאַרף דיר זיין אַ בזיון.

מירה. מיר איז בעטקע, ניט קיין בזיון, מיר איז נאָר אַ וועהטאָג, אַ שרעקליכער וועהטאָג. (זי קלויבט זיך אַוועקגעהן. עס געהט אַריין גבאי, נחמה און בערמאַן. נחמה זעצט זיך אויפ'ן בעט. די קינדער טוליען זיך צו איהר. זי רוקט זיי פון זיך אָב. זי האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, אַקוראַט ווי זי זעהט ניט



און ווייסט ניט, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהר).

גבאי. האָסט מיך געלאָזט לאַנג וואַרטען, מירה. איך האָב שוין אָנגעוואָהרען מיין געדולד.

מירה (האָט אַ זיפץ געטהאָן). איך גייה שוין.

בערמאַן. שמעון איז אָקאָרשט דורכגעלאָפען נעבען אונז. ער איז אינגאַנצען ווי פון זינען... איך האָב איהם אַ רוף געגעבען: שמעון, שמעון, — האָט ער זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. אָח-אָי-אָי! עפּיס געפעלט ער מיר ניט. ווי ס'איז היינט טאָג, ער געפעלט מיר ניט.

מירה. שמעון וועט שוין מעהר ניט קומען אַהער! (נחמה האָט אויפגעהייבען דעם קאָפּ און באַלד איהם אַראָבגעלאָזט).

גבאי (שטעהט אַלץ ביי'ן טהיר. אונגעדולדיג). מירה!

מירה. באַלד, באַלד! (צו נחמה'ן) אָט האָב איך קליינגעלט... וועסט קויפען ברויט!

נחמה. וואָס? קליינגעלט? נו גוט, גיעב בערמאַנ'ען.

בערמאַן. די ברויט-קרעמלעך זענען אומעטום פערמאַכט. ווער האָט איצטער אין זינען דעם פדיון.

נחמה (מיעד). אויב דו וועסט זעהען מונה'ן וואו ניט איז, מירה, — זאָג איהם... זאָג איהם... (זי איז גרייט צו וויינען. האַלט זיך איין)

בערמאַן (צו מירה'ן). בעסער וואָלסטו געזעסען אין שטוב, טאָכטער... אַזוי זאָגט בערמאַן: בעסער וואָלסטו היינטיגען טאָג געזעסען אין שטוב. אָח-אָי-אָי. עס וועט נאָך זיין און זיין. אַלטע לייט ווייסען, וואָס עס וועט זיין, די יונגע ווילען ניט וויסען. דער שטורם וועט אַריבער, ס'וועט ווייטער ווערען שטיל, און אין די הייזער וועט מען וויינען, מענשען וועלען פעהלען... אָח-אָי-אָי, פינסטער לעבען אונזערס. העך נאָר, וואָס אין גאַס מען דערצעהלט!..

מירה. זאָל מען דערצעהלען. (זי געהט צו דער טהיר. גבאי איז אַרוים פריהער) וואָס איז דאָרט פאַר אַ טומעל? (אַלע העהרען זיך צו צו די קולות, וואָס געהען פון קאָרידאָר. מירה און גבאי הויבען אָן אָבטרעטען צוריק אין צימער, צוויי שבנים פיהרען מונה'ן אונטער די הענד. מונה קוקט זיך ווילד אַרום.

עטליכע שכנות בעגלייטען זיי. נחמה האָט אויסגעקירעוועט דעם קאָפּ און קוקט זיך פערדעכטיג איין.)

נחמה. ווער איז דאָרט? (הויך און דערשראָקען) וועמען פיהרט מען? (מיט אַ גרויס געשריי) ווער איז דאָס? (די קינדער הויבען אָן וויינען)

די ערשטע שכנה. דאָס איז מונה. מ׳האָט איהם געבראַכט אהער צו פיהרען.

נחמה (מיט אַ פרעהליכען אויסגעשריי). מונה! מיין מאַן! קינדער, שאַ׳ט! (לויפט צו צו איהם און הויבט אָן פלוצים אָבטרעטען צוריק. בעקוקט איהם. ניט גלויבענדיג) ניין, דאָס איז ניט מיין מונה!.. מיין מונה איז אַוועק אַ געזונטער, אַ שטאַרקער. אַ בייזער איז אַוועק מיין מונה. (זי האָט געגעבען אַ שאַרפען געשריי).

מונה (מיט אַ שוואַך קול). איך בין געפאַלען, נחמה... פאַר הונגער!..

די ערשטע שכנה. גוטע מענשען האָבען איהם אויפגעהייבען אין גאַס.

בערמאַן (געהט צו צו איהם. האָט אונטערגעשפאַרט די זייטען מיט די הענד). וואָס איז מיט אייך, מונה? וואו זענט איהר דאָס געוועזען? פיינע געשעפטען. נחמה, מען דאַרף איהם אַנידערלעגען.

נחמה. וואָס? (האָט געגעבען אַ געשריי) אַנידערלעגען? וועמען? (צו די שכנים) וויאָס האָט איהר איהם געבראַכט אהער? וואָס? מיין מאַן? וואָס איז ער מיר פאַר אַ מאַן? מיין מאַן איז געוועזען אַ געזונטער. פיהרט איהם אהין. וואו איהר האָט איהם גענומען. ווי האָט איהר עם געסמייעט ברייגגען אהער נאָך אַ הונגעריגען? נעהמט איהם, — איך דאַרף איהם ניט האָבען. איך האָב געזוכט מונה׳ן, מונה׳ן!

מונה (מיט אַ שטיל קול). נחמה, (ציטערט) נחמה׳ניו... וואוהין זשע טרייבסטו מיך? אַצונד! איך בין אָבגעשוואַכט, נחמה, פערפאַלען מיין לעבען!

מירה (אויפגעבראַכט). ביסט פון זינען אראָב, נחמה? (צו די שכנים) לעגט איהם אויפ׳ן בעט. גבאי, דו האָסט געלט? מען דאַרף שוין איינהייצען. (נעהמט מונה׳ן פאַר׳ן האַנד) ער ברענט, — ער האָט זיך צוגעקיהלט!

נחמה. צוגעקיהלט! ווי זשע האָט ער געסמייעט קומען



אהער? (צו מונה׳ן) נאָך וואָס ביסטו געקומען? נאָך וואָס. נאָך וואָס?

מונה (מיט געבעט). נחמה. נשמה מיינע, לאָז מיך אויסרעדען. איך האָב געוואָלט קומען אהיים ניט אַנדערש מיט ברויט, איך בין אומגעפאַלען... דריי טעג האָב איך קיין פיצעל ברויט ניט געזעהען... (ציטערט. קלאַפּט מיט די ציינער) ס׳איז מיר קאַלט.

נחמה (אונגעריהרט). איך וויל גאָר ניט וויסען... וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבען... געה דיר, פון וואַנען דו ביסט געקומען. (זי טרעט אָב פון איהם)

גבאי. הערט זיך אויף קריגען. וואָס זענט איהר פאַר מענשען! (נעהמט איהם אונטער די הענד, פיהרט איהם צו צום בעט און לעגט איהם אַנידער) אָט האָט איהר געלט, בערמאַן. ברייגגט קויהלען. הייצט איין. פערקאָכט טהיי. (צו די שכנים) און איהר געהט אייך פון דאַנען. ניטאָ דאָ וואָס צו זעהען. (די שכנים שאָקלען מיט די קעפּ און געהען אַרויס).

נחמה. וואָס? (געהט צו צו מונה׳ן) טהיי וועל איך דיר געבען? און הקריבים? (צו גבאי׳ן) וואָס האָט איהר דאָס אויסגעטראַכט? סם דאַרף מען איהם געבען! קיין גוטען טאָג האָב איך פון איהם אין מיין לעבען ניט געזעהען. ער האָט מיך אָבגענאַרט פון אַלף ביז תּו. און צוגעזאָגט וואָס האָט ער מיר?

מונה (ציטערט). ס׳איז דען אַ צייט איצט צו רעדען פון דעם?

נחמה. פון וואָס דען? פון וואָס, האַ? האָב איך דען אַ גוטע שעה געהאַט אין די גאַנצע צוועלף יאָהר? פון דיר געוואָרען אַ תּל, פון מיר געוואָרען אַ תּל. אַלץ געהונגערט, געהונגערט, געהונגערט, מעהר געדענק איך ניט גאָר ניט... געקריגט זיך און געהונגערט! געזידעלט. קינדער געהאַט, קינדער בעגראָבען. געזידעלט! געהונגערט! נאָכדעם בראָנפען. אַז וועה און ווינד איז מיר!.. געדענקסט, אַז דו ביסט געקומען שכור דאָס ערשטע מאָל? איך האָב דיר געזאָגט: איצט, מונה, פערפאַלען אונזער וועלט, קיינער וועט אונז שוין ניט אָבראַטעוועז; דו האָסט געלאַכט...

מירה. לאָז איהם צורוה, נחמה. מוטשע איהם ניט, ס׳איז איהם אַזוי אויך געגוג.

מונה (רעדט קוים ארוים די ווערטער). איך האָב פון הונגער אָנגעהויבען טרינקען, גלויב מיר, נחמה, אַז פון הונגער, פון

האַרצוועהטאָג, איך שווער דיר! (ער וויל זיך אויפֿהייבען און פֿאַלט צוריק).

נחמה. געוויינט האָב איך דעמאָלט אויף מיינע וויסטע יאָהר. אַריינגעשטופּט דעם קאָפּ אין קישען און געטראַכט: רבונו של עולם, נעהם מיך צו מיט די קינדער צו דיר.

מונה (שטרעקט איהר אויס די האַנד). גוטער פֿריינד מיינער, נחמה.

נחמה. נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער? בעסער וואָלסטו אויף אונז רחמנות געהאַט און ניט געקומען. מיר דאַרפֿען דיך ניט האָבען. אַז דו האָסט שוין גאָר אַ האַנד אויפֿגעהייבען אויף מיר... (האָט ווילד אַ געשריי געגעבען) ביסט אַנטלאָפֿען! האָסט געמיינט, איך וועל לויפֿען דיך זוכען, איך וועל וויינען? כ'וועל רייסען די האָהר אויף זיך און וועל שרייען: וואו איז מיין טייערער מונה, וואָס איז מיין ברויטגעבער?

מירה. ס'איז שוין אָבער צייט זאָלסט אויפֿהערען, נחמה, איך בעט דיך.

נחמה (פֿער'שכור'ט). געה דיר מיט דיינע עצות! איך שריי, — פֿון מיין לעבען שריי איך, פֿון מיינע וועהטאָגען שריי איך, מיט'ן לעצטען ביסעל כח מיינעם שריי איך. וואָס האָב איך געהאַט פֿאַר אַ לעבען? צוועלף יאָהר בין איך אַלץ געפֿאַלען און זיך אַלץ געדראַפּעט אַרויף!.. געריסען פֿון זיך פּאַסעס! געאַרבייט, געקינדעלט, געמוטשעט זיך, און דאָס לעבען איז אַלץ געגאַנגען קאַפּויר. אַלץ קאַפּויר! געה דיר מיט דיינע עצות! געהט אייך אַלע מיט אייערע עצות! די צאַצקע איז אייך טייער. נעהמט זי אייך, נעהמט אייך אַלצדינג. נעהמט אייך די קינדער, אַלץ, אַלץ!.. (זי וואַרפֿט אַראָב פֿונ'ם בעט די קינדער, דעם קישען, די קאָלדרע).

גבאי (איז צוגעלאָפֿען צו איהר, זי אָנגעכאַפּט פֿאַר די הענד). איהר זענט פֿון זינען אַראָב! מירה, העלף מיר נאָר זי איינהאַלטען.

נחמה (רייסט זיך אויס אין ווילדער אויפֿרעגונג). נעהמט אייך אַלצדינג, איך דאַרף ניט גאָר ניט! (קוקט זיך ווילד אַרום. אָטעמט שווער. איהר קוק פֿאַלט אויפֿ'ן פֿענסטער. זי לויפֿט צו צום פֿענסטער און קלאַפּט אין איהם מיט בלינדען כעס) אָט ווער ס'איז שולדיג! פֿערשאָלטענע שטאָדט, דו האָסט צוגענומען מיין לעבען. צופֿאַלען זאָלסטו ווערען, צושיט זאָלסטו ווערען אויף



שטיקלעך! דערשטיקען זאָלסטו מיט דיינע שטיינער די מענשען אין דיינע הייזער! פֿערשאָלטען זאָלען זיי ווערען!.. פֿערשאָלטען זאָלען ווערען אַלע זאַטע, ווער עס זיצט אין דער וואַרים! פֿערשאָלטען זאָלען ווערען אַלע הערשער און בעפֿעהלער! פֿערשאָלטען זאָלען ווערען די קאַלטע, די צופֿרידענע, די וואָס זיצען אויף אונזערע פּלייצעס... פֿערשאָלטען זאָלען ווערען זיי מיט זייערע חתנים און כלות, מיט די מאַמעס, וואָס האָבען זיי געבוירען!.. ווער עס עסט זאָל דערוואָרגען ווערען! דער רייכער זאָל שטאַרבען, וואו ער שטעהט, וואו ער ליגט, וואו ער געהט! (זי האַקט זיך איבער און פֿאַלט אָהן כח. די קינדער האָבען זי אַרומגערינגעלט און וויינען).

מונה (האָט זיך אויסגעקירעוועט צו איהר מיט'ן פּנים. ער וויל אַראָבגעהן פֿונ'ם בעט און קען ניט). נחמה'ניו, וואָס איז מיט דיר? ווילסט אפשר, איך זאָל שטאַרבען אויפֿ'ן אָרט? מיין האַרץ זאָל צוריסען ווערען? נחמה, ס'ווערט מיר פֿינסטער אין די אויגען!

גבאי (לויפֿט צו איהם). מירה, העלף איהר! מיר וועלען זי באַלד אויפֿהייבען, מונה, שטאַרקט זיך. שרייט ניט, קינדער! (קוקט אויף מונה'ן און אויף נחמה'ן) אומגליקליכע, אומגליקליכע מענשען, אומגליקליכע קרבנות. דו זעהסט, מירה, געדענק זשע די דאָזיגע מינוט! פֿיל אָן מיט צאָרען דיין האַרץ, מיט זייער וויין זאָלסטו אָנצינדען דיין האַס און ער זאָל קיינמאָל ניט ווערען פֿערלאָשען. נחמה האָט געשאָלטען, — זי האָט געפֿונען דעם שונא... דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט: אָט איז ער!..

מירה. יאָ, דאָס איז ער!.. (צו נחמה'ן) נחמה, שטעה אויף, בערוהיג דיך. (צומישט) איך וויים דען, מיט וואָס זי צו טרייסטען? טרייסטען! (גבאי העלפֿט אויפֿהייבען נחמה'ן. זי קומט צו זיך און הויבט אָן צו וויינען שטיל. מען פֿיהרט זי צו צום בעט און מען זעצט זי אַרויף אויף איהם).

מונה (מיט קלעמעניש) נחמה'ניו, קינדער מיינע...

גבאי. אַ טרייסט! דאָ איז ניטאָ קיין טרייסט. זי איז דאָרט! מיר וועלען זי ברייגנען... (נחמה וויינט. גבאי געריהרט) עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מיר וועלען אָנהויבען בלעטערן דעם בוך פֿון די ליידען... דאָרט וועלען מיר איבערלייענען נחמה'ס פּיין!

און מיר וועלען ניט פערשטעהען, מיר וועלען ניט גלויבען, אַז ס'איז אַזוי געוועזען!

מירה. ס'איז מיר ענג... אָ, ווען דער טאָג זאָל שוין אָנקומען גיכער! צו וועט ביז דעמאָלט זיך ניט איבערקעהרען די וועלט, צו וועט ניט פערלאָשען ווערען די זון, צו וועלען מיר אַליין ניט ווערען ווי די חיות? אָ, ווען ס'זאָל נאָר קומען גיכער! (עס הערט זיך דייטליך דאָס זינגען פון די אַרבייטער. גבאי איז צוגעלאָפען צום פענסטער. מירה הערט זיך איין).

מירה. עפּיס הייבט מיך אין דער הויך. (מיט בעגייסטערונג) קום, קום!

גבאי. דאָס איז דער מאָרגענשטערן! קים! (זיי געהען שנעל אַוועק. נחמה וויינט. עס הערט זיך אַלץ דאָס זינגען פון די אַרבייטער).

(ענדע פונ'ם דריטען אַקט).

---

## פיערטער אַקט.

אַ קעמערל אין קעלער-שטוב. די ווענד שוואַרץ און נאַס. ניטאָ קיין פאָדלאָגע. אַ פענסטערל צום הויף, — אַנטקעגען אַ טהיר. קיין מעבעל איז ניטאָ: ניט קיין באַנק, ניט קיין טיש, ניט קיין בעט. ביי דער זייט אַ קליינינקער אויווען. אויף דער ערד דריי זעק אָנגעפילט מיט שטרוי; אויף זיי ליעגען נחמה'ס צוויי קינדער אין טיפוס. בעטקע איז פערקראָכען אין אַ ווינקעל אויף די קינדער גיעט אַכטונג די ערשטע בעטלערין, אַנ'אַלטע אידענע מיט אַ געשטופּעלט פנים. זי זיצט אויף דער ערד נעבען די קראַנקע. נעבען איהר איהרע קוליעס. ס'איז אָוועְנד-צייט. מ'ברענט אַ חלב'ן ליכטעל. די קראַנקע קינדער קרעכצען שטיל.

---

די ערשטע בעטלערין. שטילער, קינדערלעך, שטילער, פייגעלעך! (זי האָט זיך צוגערוקט און קוקט זיך איין אין זייערע פנים'ער. שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) איהר זענט געשוואָלען געוואָרען, בלאַה געוואָרען! (די קינדער האָבען ווייטער אָנגעהויבען קרעכצען) שטילער, טייערע...

בעטקע (שרייט פּלוצים). אַ שטשור, אַ שטשור...

די ערשטע בעטלערין. וואו איז ער? קיש-קיש... (קלאַפּט



מיט די קוליעס איבער דער ערד) נעהמען זאָל איך דער שוואַרצער יאָהר! פון וואַנען נעהמען זיי זיך?

בעטקע. איך האָב מורא, באָבעניו! איך האָב אַזוי מורא! (וויינט).

די ערשטע בעטלערין. מען דאַרף ניט מורא האָבען, קינד מיינס! אָהאָ, זאָלסט נאָר וויסען, וואָס איך האָב געזעהען אין לעבען! כ'האָב ניט מורא געהאַט!

בעטקע (וויינט). און איך האָב מורא. דער טאַטע שטעהט מיר פאַר די אויגען. אָט שטעהט ער דאָ און קלאָגט זיך, און שאָקעלט מיר מיט'ן קאָפּ... ער שאָקעלט אַזוי מיט'ן קאָפּ, באָבעניו. (וויינט) באָבעניו! זאָג מיר, מ'האָט אַריינגעלעגט אין אַ טיעפען גרוב?

די ערשטע בעטלערין. אין אַ טיעפען, נשמה מיינע, אין אַ טיעפען!

בעטקע. און איצט ליעגט ער דאָרט אַליין... אַליין! ערשט נעכטען איז ער נאָך געלעגען דאָ און האָט אַזוי געקרעכצט, און האָט אַזוי געקרעכצט, (וויינט) אַז איך האָב געמיינט, דער קאָפּ וועט מיר צופאַלען ווערען... טאַטעניו מיינער, טייערער טאַטע, ביסט נאָך אַזאַ יונגער — און דאַרפסט היינט שוין ליעגען דאָרט...

די ערשטע בעטלערין. מיר וועלען אַלע דאָרט ליעגען, נשמה מיינע! דאָס גאַנצע לעבען, אומשטיינס געזאָגט, לויפט מען זיך אָן, מען ווערט אויסגעמוטשעט, מיעד, — איז נאָכדעם אַזוי זיס דאָרט צו רוהען. (פויזע) די נשמה געהט אַרויף, אַרויף... און דער גוף? דער גוף ליעגט זיך שטיל און פרעהט זיך: דאַנקען גאָט, שוין אויף דער זייט, אַריבערגעגאַנגען דעם בריק.

בעטקע (זאָגט נאָך). דאַנקען גאָט, שוין אויף דער זייט... אַזוי טראַכט ער איצט? מיין טייערער טאַטעניו! און ער האָט ניט מורא? און די ווערים?

די ערשטע בעטלערין (צו די קינדער). שטילער, קינדערלעך, שטילער, פיצעלעך. און ווערים? אוי די ווערים!..

בעטקע. און די מאַמע איז נאָך ניט געקומען פון בית-עולם. פאַר וואָס איז זי נאָך ניט געקומען, באָבע? דו ווייסט אַלצדינג, זאָג זשע מיר אויס! זאָג מיר, באָבעניו, וועמען זאָל איך פריהער בעוויינען? נעכטען איז דער טאַטע געשטאָרבען, הערשעלע און נחמ'לע געהען אויס, די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען בעגראָבען

דעם טאַטען און איז נאָך ניט געקומען... אוי, גאָט! וואָס איז פֿון אונז געוואָרען, וואָס איז פֿון אונז געוואָרען! איך בין שוין אַליין אויך אַנ'אַלטע אידענע, באָבע. (פֿויזע. דאָס מיידעלע איז צוגעקראָכען צו נחמ'לען און קוקט אויף איהם. זי האָט זיך שטאַרק צוויינט).

בעטקע. נחמ'לע מיינער, נחמ'לע!

די ערשטע בעטלערין. אוי קינד מיינס, קינד מיינס! וואָס האָט זי מיך איבערגעלאָזט דאָ צווּזעהען איהרע צרות?

בעטקע. נחמ'לע מיינער, הערשעלע מיינער, איך קען אַפילו שוין ניט וויינען אויף אייער אומגליק. ניטאָ שוין קיין טרערען, ניטאָ שוין קיין קול. (זי פֿערוואַרפֿט די הענד, האָט אַ בראָך געטהאָן די פֿינגערלעך) נעהם אונז שוין אַלע צו זיך, גוטער גאָט! גוטער גאָט, נעהם אונז אַלע צום טאַטען. (זי האָט זיך איינגעבויגען אין צווייען און ציטערט פֿאַר געוויין).

די ערשטע בעטלערין. איך געדענק שוין גאָר ניט אַזאַ יאָהר, שוין לאַנג אַזאַ יאָהר ניט געווען! וויין ניט, מיידעלע, וויין ניט! איך האָב דאָך אַ האַרץ! ניט קיין שטיק האָלץ האָב איך דאָ, נאָר אַ האַרץ... (די קינדער קרעכצען לאַנגזאַם. עס גייען אַריין, ווי בגנבה, די צווייטע און דריטע בעטלערינס. די צווייטע איז אָנגעטהאָן אין אַ מאַנסבילשען מאַנטעל מיט לעכער און מיט לאַטעס. זי איז באָרפֿוס. איהר קאָפּ איז פֿערוויקעלט מיט אַ קאָלירענדיגען שאַל. די דריטע איז זעהר מאָגער, מיט אַ געלב פּנים ווי וואַקס, אַ שרעקליך פּנים. די אויגען אונרוהיגע, ברענענדיגע. די פֿיגור פֿערבאָרגען אין די שמאַטעס.

די ערשטע בעטלערין (קירעווועט זיך אוים). ווער איז דאָרט? איהר, נחמה?

די דריטע בעטלערין. וואָס פֿאַר אַ נחמה? איך קען ניט קיין נחמה'ן.

בעטקע (דערשראָקען). וואָס דאַרפֿען זיי דאָ, באָבע?

די ערשטע בעטלערין. ס'איז שכנות פֿונ'ם הויף.

די צווייטע בעטלערין. וואָס זשע, אויף מיר איז ניט קיין רחמנות? ס'איז דאָך ניט צום איבערטראָגען, אויף מיינע נאמנות. וואָס וואַיען זיי? גיעט זיי עפּיס, זאָלען זיי אויפֿהערען שרייען.

די דריטע בעטלערין. זיי וואָיען גלייך אין מוח אַריין, מיר זענען אַריינגעגאַנגען אייך זאָגען, זיי זאָלען אויפֿהערען שרייען.



שפּילקעס שטעקען זיי אין מוח מיט זייערע קולות.

די צווייטע בעטלערין (צו דער דריטער בעטלערין). לאָזט מיר, וועל איך זיי זאָגען...

בעטקע (מיט אַ געשריי). באָבע, כ'האָב מורא פֿאַר זיי!

די צווייטע בעטלערין. מען דאַרף ניט מורא האָבען, וואָס איז פֿאַר אַ מורא? ס'איז אָבער אויף יענעמס האַרץ אויך אַ רחמנות. איך וואוין דאָ באַלד... פֿון דער זייט וויינט מען, פֿון יענער זייט וויינט מען! ווען וועט דאָס שוין נעהמען אַנ'עק?

די דריטע בעטלערין. איהר האָט אפֿשר ברויט אָדער פֿלייש, אָדער וואָס ניט איז? גיעט עפּיס צובייסען. איך האָב צוויי טעג ניט געגעסען. צוויי טעג.

די ערשטע בעטלערין. איך האָב ניט גאָר ניט. פֿון וואַנען זאָל איך נעהמען? איהר זעהט דאָך: קראַנקע קינדער, און איך דאַרף זיי היטען...

די צווייטע בעטלערין. קראַנקע? און וואו איז דאָ געזונדע? מוטשען זיך, — וואָלט מען כאָטש געגעבען כח זיך מוטשען. אַז ניט וואָלט מען פֿערטריבען אַלע אין איין שטאַל און אויס'געה'רגט מיט אַ מאָל. ס'איז דען אַ פֿלאַן? נעבעכען הונגעריג, הײַנט הונגעריג, מאָרגען הונגעריג, און מען וואָיעט! וואָיעט! וואָס טויג עס?

די ערשטע בעטלערין (מיטפֿיהלענד). יאָ, וואָס טויג עס?

די דריטע בעטלערין. (שמעקט די לופֿט) וואוהין איך געה, שמעקט מיר אַלץ ברויט, פֿלייש...

די צווייטע בעטלערין (אונצופֿריעדען). אַט, אַז איהר הויבט אָן רעדען פֿון פֿלייש, קען איך ניט ליידען. אַ מענש שמעקט דאָך אויך מיט פֿלייש. און מיר געלוסט זיך... מיר געלוסט זיך אַריינקריכען מיט די ציינער אין עמיצענס האַנד... אין פֿלייש אַריין!..

די ערשטע בעטלערין. גאָט איז מיט אייך! אַזוינע ווערטער האָב איך נאָך גאָר ניט געהערט.

די צווייטע בעטלערין (מיט אַ שוואַך קול). וואָס זאָגט איהר מיר — גאָט איז מיט אייך? דער קאָפּ איז מיר צו-דרעהט. דאָ וואָיעט מען, דאָרט וואָיעט מען... עס פֿלאַנטערט זיך אין קאָפּ. זיצסטו — איז שלעכט, שטעהסטו — איז אויך שלעכט... עפּעס שפּרינגט אין די אויגען... פֿאַר הונגער.

בעטקע (פּלוצים, מיט אַ געשריי). באָבעניו, באָבעניו! (בעהאַלט זיך ביי איהר אויף די הענד).

די ערשטע בעטלערין. איהר רעדט ניט צו דער זאך! איך זאָג אייך: איהר שרעקט דאָס קינד, און איך האָב פֿאַר אייך מורא. טהוט אַ קוק, וואָס דאָ טהוט זיך, און געהט אייך געזונטערהייט. דער בעל־הבית איז נעכטען געשטאָרבען, צוויי אינגעלעך שטאַרבען פֿאַר הונגער... געהט פֿון דאַנען.

די דריטע בעטלערין (פֿער׳צַקְשָׁנ׳ט). זאָלען זיי ניט וואָיען, וועל איך אַוועקגעהן.

די צווייטע בעטלערין. אין הויף שטאַרבט מען אויך. און מען טראָגט זיי — אָהן אַ שעור. די גאַנצע וואָך טראָגט מען די מתים... דאָ וואָיעט מען! וואוהין זאָל איך געהן? כ׳וואָלט זיך אויסגעריסען די אויגען, כ׳וואָלט זיך אָבגעשניטען די אויערן צו אַל די שווארצע יאָהר, און אַליין וויל איך עסען. ווי הייסט זייער מאַמע? (ווייזט אויף די קינדער).

די ערשטע בעטלערין. נחמה. ס׳האָט מיר אויך גאָט צוגעשיקט אַ זאָרג. ז׳איז אַוועק בעגראָבען דעם מאַן און איז נאָך ניט געקומען.

בעטקע. עמיצער געהט, דאַכט זיך. (אַלע הערען זיך צו)

די ערשטע בעטלערין. ניין, ניטאָ קיינער!

די צווייטע בעטלערין. וואָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען? (דערמאָנט זיך) כ׳האָב אייך געוואָלט זאָגען, אַז איך קען ניט הערען, ווי זיי וואָיען... ניין, כ׳האָב אייך געוואָלט זאָגען, אַז איך וויל עסען... ניין, כ׳האָב אייך געוואָלט זאָגען, אַז איך וויין און גלויב! דאָס איז דאָס העכסטע...

די ערשטע בעטלערין. איצט רעדט איהר גוט. ס׳וועט דאָך קומען אַ סוף צו אונזערע ליידען. אויב ניט היינט, איז מאָרגען.

די דריטע בעטלערין (פֿינסטער). יאָ, אַ סוף וועט קומען!.. מיר וועלען אויסשטאַרבען פֿאַר הונגער, אָט וואָס ס׳וועט זיין פֿאַר אַ סוף. (די קינדער האָבען אָנגעהויבען קרעכצען).

די צווייטע בעטלערין. בעט זיי, זאָלען זיי ניט שרייען. איך קען דאָס ניט איבערטראָגען.

די ערשטע בעטלערין (האָט זיך צוגערוקט צו די קינדער און קוקט זיי אַריין אין די אויגען). שטילער, קינדערלעך! אוי, עופה׳לעך, עופה׳רעך.

בעטקע (הערט זיך איין). באָבע, עמיצער עפֿענט די טהיר! ס׳אי די מאַמע! (לויפֿט צו דער טהיר) ניין, ס׳איז בערמאַן.



בערמאַן! (וואַרפֿט זיך איהם אויפֿ׳ן האַלז) וואו איז מיין מאַמע? בערמאַן! (וויינט).

בערמאן (האַלט אַ זעקעל אין די הענד. קושט בעטקע׳ן). ניט געקומען! זי וועט קומען דיין מאַמע, אָח־אָי־אָי. וויין ניט! (ער בעקוקט דעם צימער און זיפֿצט) און דעם טאַטען איז גוט, וויין ניט, ס׳איז איהם גוט. ער שטעהט נעבען זיין כסא הכבוד, און וואָרים איז איהם, און הונגעריג איז ער ניט! (ער געהט צו צו די קראַנקע קינדער, בעטראַכט זיי און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ). ער פֿרעהט זיך איצט מונה און בעט: העלף, גאָט, מיין נחמה׳ן און מיינע קינדער אויף דער ערד. און ער וועט זיי העלפֿען, ער וועט זיי העלפֿען, אָ־אָי־אָי. (עפֿענט דאָס זעקעלע און דערלאַנגט פֿון דאָרט ברויט) אָט דאָס האָב איך אויסגעבעטען ביי גוטע מענשען. קיין געלד גיט מען ניט, און ברויט האָב איך אויסגעבעטען.

בעטקע. איך וועל זיך זעצען נעבען אייך, בערמאַן. (זיי זעצען זיך אויף דער ערד. בעטקע עסט און זיפֿצט).

די דריטע בעטלערין (וואַרפֿט זיך צו איהם). גיט מיר אַ שטיקעל ברויט. גיבט, אַז ניט וועל איך אויסרייסען ביי אייך. (בערמאַן גיט איהר. זי שלינגט גיך) מהיה! ס׳איז נאָך דאָ ברויט אין שטאָדט? און מיר, וואו איך בין ניט געקומען, וועמען איך האָב ניט געבעטען, קיינער האָט מיר ניט געגעבען. צוויי טעג שוין אין שטאָדט ניט געוועזען. וואָס איז דאָרט? גיט נאָך.

די צווייטע בעטלערין. זייט אַזוי גוט און גיט מיר אויך אַ שטיקעלע.

בערמאַן. האַ? (זוכט אין זעקל און גיט ביידע. זיי עסען זשעדנע. ער לעגט פֿאַר דער ערשטער אויך) אין שטאָדט? זי שטעהט זיך די שטאָדט און ס׳אַרט איהר ניט גאָר ניט. (ער האָט זיך געשטעלט אויף אַלע פֿיער און קוקט אַריין די קראַנקע קינדער אין די אויגען אַריין. ער שטופּט זיי ברויט אין מויל. זיי קרעכצען) פֿערפֿאַלען די אויך, אָח־אָי־אָי!

די צווייטע בעטלערין. גיט נאָך אַ שטיקעלע. אויף יענער וועלט וועלען מיר זיך בערעכנען. (עסט מיט פֿערגניגען. רייסט אָב שטיקלעך און וואַרפֿט זיי אין מויל).

די דריטע בעטלערין. נאָך אַ שטיקעלע. אַלטיטשקער. נו, נו, וואָס זשע הערט זיך אין שטאָדט?

בערמאַן (מורמעלט). אײַך וואָלט אַנ'אָקס אויך געווען קאַרג. (גיעט זײ און קײַעט אַלײַן) וואָס? גאָר ניט! בערמאַן געהט איצט אַרום אין די הײַזער, דאָס איז גוט? געווען אַ סוחר, איצט אַ בעטלער, אָח־אָי־אָי! און אַזוינע בערמאַנעס געהען אַרום ניט איינער מיט די טאָרבעלעך אין די הענד. אָט וואָס עס טהוט זיך אין שטאָדט. איך זאָג אײַך, ווען איך וואָלט ניט פֿאָהרען פֿונ'ם יאַריד, אָח־אָי־אָי, וואָלט איך געזאָגט: חאַפּט עס דער רוח די גאַנצע וועלט. אַזוי וואָלט איך געזאָגט.

די ערשטע בעטלערין. אַלע זאָגען איצט אַזוי.

בערמאַן. ווײַבער! (קײַעט. לעבעדיג) ווײַבער! וואָס פֿערשטעהט איהר? איהר האָט געזעהען, ווי הינד רײַסען זיך פֿאַר אַ ביין? איז דאָס גאָר ניט. איהר הערט, בערמאַן זאָגט אײַך, אַז דאָס איז גאָר ניט. אַז מ'האָט הײַנט בעגראָבען אויפֿ'ן בית־עולם אונזער מונה'ן און די איבעריגע, איז געווען, זאָג איך אײַך, אַ מין געוויין... נחמה איז געלעגען אויף דער ערד און האָט זיך געוואָרפֿען, ווי אין דער שלעכטער קרענק, רחמנא לצלן, די ערד האָט זי געקײַעט. איך זאָג אײַך — ס'איז גאָר ניט. דער טויט? וואָס איז דער טויט? ס'אַ הצלחה, בײַ מײַן עהרען־וואָרט. די לעבעדיגע געהען אַרום און שרײַען און פֿרעגען: וואו איז מײַן טויט? איהר האָט וואָס מען רעדט אין שטאָדט. נאָר גאָר ניט! איהר האָט מסתמא געהערט, ווי דער עולם האָט געשריען, אַז מ'האָט איהם געשלאָגען אין גאַס? זאָג איך אײַך, אַז דאָס געשרײ איז אויך גאָר ניט. אָט וואָס עס טהוט זיך אין שטאָדט.

די ערשטע בעטלערין (אין שרעק). ליעבער גאָט, האָב רחמנות אויף אונז!

בעטקע (מישט זיך אַרײַן). און מירה וואָס מאַכט, בערמאַן, און גבאי?

בערמאַן. שאַ, בעטקע! ווענט האָבען אויערן... ששש! פֿרעג ניט וועגען זײ.

בעטקע. זײ זענען אַלץ דאָרט?

בערמאַן. ששש, אָח־אָי־אָי, ששש!

די דריטע בעטלערין (מיט אַ בעסער קול). נאָך אַ שטיקעלע, טײַערער מענש, וועל איך אײַך קושען די פֿיס.

די צווייטע בעטלערין. פֿאַר וואָס טאָר מען ניט רעדען? ווער איז די מירה?



די ערשטע בעטלערין. פֿרעגט ניט! דעם נאָמען דאַרף מען פֿערגעסען.

בערמאַן (וויל איבערבײַטען דעם שמועס). פֿאַר וואָס פֿערשטעהט ניט קײנער? איך בין אַ פּראָסטער מענש און איך זאָג אײַך, אַז קײנער פֿערשטעהט ניט גאָר ניט. אָט וואָס איך זאָג.

די ערשטע בעטלערין. איך פֿערשטעה גאָר ניט.

די דריטע בעטלערין. זאָגט זשע, וואָס מײנט איהר. איך זעה אָן אײַך, אַז איהר זענט אַ וואוילער אַלטער, איצט בין איך זאַט. וועל איך הערען, וואָס איהר רעדט.

בערמאַן. נו, גוט, אידענע. אָט וועל איך אײַך פֿרעגען. וואָס בעדײַט דער דאָזיגער הונגער, אַ? קײנמאָל נאָך אַזאַ הונגער ניט געווען, און פּלוצים אַזאַ הונגער. (פּויזע. די ווײַבער קוקען אויף איהם מיט ערוואַרטונג) אָח־אָי־אָי! אָט שטעלט אײַך פֿאָר איך געה בײַ־נאַכט אין פֿעלד... בערמאַן געהט. און איך טראַכט מיר: רבונו של עולם, ביז וואַנען וועט זײַן אַזוי פֿינסטער... ביז וואַנען? אָח־אָי־אָי! און פּלוצים ערגיץ ווײַט — דערזעה איך ליכט.

די ערשטע בעטלערין (מיט עהרפֿורכט). ליכט! נו ווײַטער, בערמאַן.

בערמאַן. אָט דאָס דאַרף מען פֿערשטעהען. וואָס לײַכט מעהר, איידער דאָס פערמאַטערטע האַרץ פֿונ'ם מענשען? קײן זאַך ניט: ניט די זון, ניט קײן פֿײַער, ניט די שטערן! ווײַבער, — ס'איז דער הונגער! ווײַבער. ווײַבער! שטעלט אַרויס פֿונ'ם פֿענסטער דעם קאָפּ, וואָס הערט איהר דאָרט? אַ געוויין? נאָך עפּיס! אַ קרעכץ? נאָך עפּיס! אַ יאָמער? ווייניג! הערט זיך אײַן: וואָס נאָך, וואָס נאָך? הערט זיך אײַן, הערט זיך נאָר גוט אײַן. פֿון דאָרט געהט דאָס גליק, פֿון דאָרט געהט דער שלום... אהאַ, אָט וואָס איך זאָג.

די ערשטע בעטלערין (מיט אַ ציטער). איך הער עפּיס. איך הער שוין לאַנג.

בערמאַן. וואָס האָט זיך געטהאָן מיט אַ חודש צוריק? ששש... מ'האָט געשלאָגען, געהאַקט, געטרעטען מיט די פֿערד. אהאַ! און אַ הינדעלע ווי געהט אַרויס פֿונ'ם איי? אהאַ! פֿונ'ם הונגער נעהמט זיך דער צאָרן, פֿונ'ם צאָרן נעהמט זיך דער שלום.

די ערשטע בעטלערין (ווי געטראָפֿען). די רײַכע וועלען שלום ווערען מיט די אָרימע?

בערמאַן. אַט דאָס וועט טאַקע זײַן.

די דריטע בעטלערין (אויפֿגערעגט). דאָס וועט קיינמאָל ניט זײַן. גיכער וועט אויף די דלאָניעס אויסוואַקסען האָר.

בערמאַן. אַט דאָס וועט טאַקי זײַן! שלום וועט ווערען געשלאָסען... געווען אַ מענש שמעון און זיך אויפֿגעהאַנגען פֿאַר קלעמעניש. אָח־אָי־אָי! פֿאַר מײַנע אויגען האָט דער מענש מיט טרערען געוויינט! און ווער ס'האָט געזעהען די דאָזיגע טרערען, דער ווייסט זייער טעם. און פֿרעג — נאָך וואָס? געווען בעסער צוואַרטען, וואָלט געוואָרען אַ שלום געשלאָסען. וואָרום דער סוף וועט זײַן, אַז די מענשען וועלען ווערען שלום צווישען זיך, געוויס וועלען זײַ שלום ווערען, אָח־אָי־אָי. (פּלוצים) ווער איז דאָרט?

בעטקע (שפּרינגט אויף מיט אַ געשרײַ). די מאַמע! איך פֿיהל, אַז ס'איז מײַן מאַמע! (זי לויפֿט צום טהיר, נחמה געהט שנעל אַרײַן און שטויסט זיך אָן אָן בעטקע'ן. דערזעהענדיג פֿרעמדע מענשען, בלײַבט זי שטעהען פֿערוואונדערט. אויף איהר פּנים שוועבט אַ אויסדרוק פֿון אונצופֿריעדענהײַט, וועלכער פֿער־בײַט זיך גלײַך אויף אַ כּעס. בײַ איהר אין די הענד איז אַ בינדעל).

בעטקע (מיט אַ פֿרעהליכען אויסגעשרײַ). מאַמע, טײַערע מאַמע! (נעהמט זי אַרום).

די ערשטע בעטלערין. וואו זענט איהר געווען אַזוי שפּעט? איהר מיינט, איהר האָט איבערגעלאָזט געזונטע קינדער?

בעטקע (וויינט). אַליין ביסטו געקומען צוריק.

בערמאַן. איך בין געקומען צו אײַך נחמה, געוואָהר ווערען, וואָס איהר מאַכט, און איהר... אָח־אָי־אָי! (נחמה לעגט שווײַגענדיג דאָס בינדעל אויפֿ'ן אויווען. זי האָט צובינדען דעם שאַל, האָט זיך אויסגעקירעוועט און בעטראַכט מיט אַ שטײַפֿען קוק אַלע, וואָס זיצען אין צימער).

נחמה (בײז). וואָס זענט איהר זיך צונויפֿגעגאַנגען אַהער? וועמען דאַרף איך דאָ האָבען? שטיל זאָל זײַן, קינדער!

די צווייטע בעטלערין (נאָכגעבענדיג). מיר געהען שוין אַוועק. מיר ווייסען. וואָס ס'האָט אײַך געטראָפֿען. (צו דער דריטער) איהר געהט?

די דריטע בעטלערין. מען דאַרף נאָך פֿרעגען. (זײַ געהען אַרויס ניט געכאַפּט).



נחמה (אונגעדולדיג). געהט אײַך אַלע. ווער האָט אײַך גערופֿען?

די ערשטע בעטלערין (דערשראָקען). וואָס איז מיט אײַך, נחמה?

נחמה. איך ווייס, וואָס ס'איז מיט מיר. איך ווייס! (געהט צו צו די קראַנקע קינדער. זי האָט אַ קרעכץ געגעבען קוים וואָס מען הערט) זײַ שטאַרבען! (ווייטער אַ קרעכץ געגעבען) זײַ שטאַרבען! נו גוט, — נאָך בעסער!

בערמאַן (פֿאַרזיכטיג). איך דערקען אײַך ניט, נחמה! אײַערע ווערטער שרעקען מיך.

נחמה (מיט פֿערדרוס). וואָס פֿערשטעהט איהר? הערט אויף, בערמאַן... איהר זענט אַ גוטער אַלטער, נאָר הערט אויף. איהר ווייסט, וואו איך בין געווען? איהר ווייסט ניט? וואָס איך האָב בעשלאָסען? ווייסט איהר אויך ניט! זאָגען אײַך? וועל איך אײַך זאָגען. נו געהט, געהט גיכער. איך האָב זיך געשלעפּט איבער'ן שטאָדט! אַט וואָס איך האָב געקויפֿט. (ווײַזט אויפֿ'ן בינדעל) געלאָפֿען בין איך, געלאָפֿען... איך בין געשטאַנען בײַ די פֿענסטער פֿון די רײַכע, און... (האַקט איבער).

די ערשטע בעטלערין. וואוהין זשע זאָל איך געהן פֿון דאַנען? נשמה מײַנע, איך וועל אײַך ניט לאָזען אַליין.

נחמה. וואָס? ווער וועט זיך עם דערוועגען ניט לאָזען? ווער וועט זיך דערוועגען... איך דאַרף טהאָן אַ טובה די מענשען און איך וועל עס טהאָן. וואָס איז? אפֿשר האָט איהר מיר דאָס לעבען געגעבען? אָדער איהר, בערמאַן? וואָס זשע איז אײַער עסק?

בעטקע (צו דער מאַמען). וואָס רעדסטו? ווי אַזוי דו רעדסט! (ברעכט די פֿינגערלעך פֿאַר שרעק).

נחמה. שווײַג, בעטקע. מען דאַרף העלפֿען די מענשען! געקומען די צײַט, ווען מען דאַרף זײַ העלפֿען. שווײַגט, בערמאַן. איהר דאַרפֿט איצט שווײַגען און מיר ניט שטערען. עפּיס דאַרף געשעהען. (קוקט גלײַך פֿאַר זיך) ניטאָ מונה! קוקט זיך אַרום און רופֿט מיט אַ צערטליך קול) מונה, מונה! ניין, ניין, בערמאַן, איך וועל ניט וויינען איך וויל ניט פֿערגיסען איין טרער. ווי אַ שטיינדעלע איז געוואָרען מײַן האַרץ.

בערמאַן (שטיל). איך האָב אײַך געבראַכט ברויט, נחמה. פֿון אינדערפֿריה אָן האָט איהר ניט געגעסען, — עסט.

נחמה. ברויט ... (ערנסט) מאָרגען וועט ביי אַלע זיין ברויט. די מענשען וועלען זיך דערשרעקען און וועלען אַלעמען געבען ברויט ... מונה וואָלט פרעגען: וואָס ביסטו אַזוי שפּעט געקומען, נחמה? וואָלט איך געענטפערט: ס'איז דעריבער, וואָס איך האָב געזוכט דעם אמת. (ערנסט) נחמה האָט געפונען דעם אמת.

די ערשטע בעטלע־רין (נאָכגעבענדיג). נו, גוט, איהר זענט דאָך אָבער קראַנק, מיין נשמה. איהר דאַרפט רוהען.

נחמה (פערוואונדערט). איהר זענט נאָך דאָ? געהט זשע שוין ... ווי אַזוי בעט מען אייך איין? מיט ווערטער, מיט טרערען? איך מוז בלייבען מיט די קינדער אַליין. און זיך אויסוויינען ... און זיך אויסוויינען!

די ערשטע בעט־ערין (צו בערמאַנ׳ען). זי איז אויסער זיך. גאָט ווייסט, וואָס זי האָט פערטראַכט.

בערמאַן. אָח־אָי־אָי! (ווייסט ניט, וואָס צו טהאָן).

נחמה. נו וואָס זשע שטעהט איהר? צו וואָס? וואָס האָט איהר איצט? געוועזען אַ ביסעלע גוטס, ווי אין אַ קליין קרעמעלע, איז דאָס אויסגעגאַנגען.

די ערשטע בעטלערין (ענטשלאָסען). איך בלייב מיט אייך. איך קען ניט אַוועקגעהן.

נחמה. וועל איך אייך אָננעהמען פאַר די פּלייצעס און אייך אַרויסוואַרפען. מוטשעט מיך ניט. ס'וועט מיר גאָר ניט געשעהען, האָט ניט מורא.

די ערשטע בעטלערין. אַז איהר טרייבט מיך ... (הייבט זיך אויף פון דער ערד און דערלאַנגט די קוליעס) פאָלגען פאָלג איך אייך ... נאָר געדענקט.

נחמה (לעבעדיג). גוט, גוט. געהט געזונטערהייט.

די בעטלערין (הינקט). אַ גוטע נאַכט. (געהט אַרויס).

נחמה (צו בערמאַנ׳ען). און איהר? געהט זשע שוין.

בערמאַן. ס'איז שוין טאַקי צייט צו געהן אַהיים. נאָר דאָס האַרץ לאָזט מיך ניט אייך לאָזען אַליין.

נחמה (צערטליך). בערמאַן! טייערער, ליבער בערמאַן ... איהר מוזט אויך געהן. איך טרייב דען קאַטאָוועס מיט אייך, צו וואָס? איך בין דען אַ קליינינקע? ווען איהר זאָלט נאָר ווייסען, וואָס מאָרגען וועט זיין. נאָר איך שווייג, איך שווייג ... איך וויל בלייבען אַליין מיט די קינדער, אויסקושען זיי יעדער ביינדעלע און זיך גוט



אויסוויינען. (זי וויל אָנהויבען וויינען, נאָר האַלט זיך איין) איהר זעהט מיין מזל? זעהט, אויף וואָס מיר שלאָפען, אפילו צווענצען זיך איז ניטאָ וואו. און דאָ אויף דער ערד האָט ער זיך געמוטשעט אַ גאַנצען חודש. איהר פלעגט אַמאָל קומען. וואָס האָט איהר געזעהען, וואָס ווייסט איהר! איהר געדענקט, ווי דער בעל־הבית האָט מיך אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן גאַס, מיט אַ קראַנקען מאַן, מיט קראַנקע קינדער? איהר געדענקט? ביז אַהער זענען מיר אויך ביסלעכווייז געשטאָרבען. הייסט עס, אַלעס האָט זיך צוגעקליבען דערצו (האַקט אָב). בעסער ניט רעדען, בערמאַן! מיין האַרץ איז מיר געשוואָלען, און פונדעסטוועגען בין איך צופריעדען ...

בערמאַן. אָח־אָי־אָי.

נחמה. געהט זשע אַצונד. וואָס דאַרפט איהר דאָ קוקען?

בערמאַן. איך האָב זיך אַזוי צוגעבונדען צו אייך, נחמה. אויף מיין עהרען־וואָרט, כ׳האָב זיך צוגעבונדען. איך קען אפילו געהן אין פייער אַריין פאַר אייך, אַז מען וועט דאַרפען. איך האָב אויף אייך רחמנות. כ׳האָב אויף די קינדער רחמנות. אפשר קען איך אייך נאָך צו נוץ קומען אויף עפּיס? טרייבט ניט דעם אַלטען.

נחמה. ניין, בערמאַן. נאָר איך קען צו נוץ קומען די מענשען. איהר זענט אַ גוטער, נאָר געהט אַהיים. מאַכט מיך ניט ווייך. געהט, געהט. איך וועל איבערעדען מיט די קינדער פון מונה און וועל אַ ביסעל וויינען. אוי, בערמאַן, בערמאַן! (וויינט ליידענשאַפטליך).

בערמאַן. אָט דאָס דאַרף מען שוין גאָר ניט, אָח־אָי־אָי! נו, איך וועל געהן. וואָס זאָל איך דאָ טהאָן? קוקען אויף אייערע צרות? דאָס איז ניט פרעהליך, דאָס טהוט וועה! קוקען אויף די טרערען? אָח־אָי־אָי. אַ גוטע נאַכט, נחמה, אַ גוטע נאַכט, קינדער! (געהט צו און קושט זיי).

נחמה (ווידער אונגעדולדיג). נו געהט שוין, געהט. (בערמאַן געהט אַוועק. נחמה בעגלייט בערמאַנ׳ען מיט די אויגען. נאָר וואָס ער פערשווינדט, אַזוי לויפט זי צו צו בעט־קע׳ן, נעהמט זי אַרום און קושט זי שטאַרק. זי לאָזט זי ניט אַרויס פון די הענד און וויינט. נאָכדעם געהט זי צו, איבער איהר כח, צו די קראַנקע קינדער און בויגט זיך אָן איבער זיי. זי קרעכצט און האַלט איין דאָס געוויין).

בּעטקע. וויין ניט, מאַמע. איך בּעט דיך, דו הערסט ניט? וואָס זשע וועט זיין פֿון אונז?

נחמה (צו די קראַנקע). בּיינדעלעך מיינע טייערע! (וויינט) בּשׂר'ע מיינע, געשוואָלענע יונגע בּיינדעלעך! (זי נעהמט זיי אַרום. בּעטקע שטעהט אָן אַ זייט און וויינט. ס'האָט אַ סקריפּע געטהאָן די טהיר. נחמה האָט זיך שנעל אויפֿגעהייבּען. שם געהט אַריין).

נחמה. ס'איז איהר, פֿעטער? וואָס זענט איהר געקומען?

שם. מען טאָר שוין צו דיר ניט קומען? אַז איך וואוין ניט בּיי דיר, טאָר איך ניט קומען זעהען, וואָס דו מאַכסט?

נחמה (אונגעדולדיג). ניט איצט, פֿעטער. (נעהמט אַרויס פֿון דער קעשענע שמאַטקעלעך און צוויקעלט זיי).

שם. איך פֿערשטעה דיך ניט, נחמה. (קוקט זיך איין אין איהר) בּיי דיר ניט קיין געזונטע אויגען. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) וואָס איז דאָס בּיי דיר אין די הענד? שמאַטעס?

נחמה (גלייכגילטיג). יאָ. (פּלוצים) בּעטקע!

בּעטקע. וואָס, מאַמע?

נחמה. לעג זיך שלאָפֿען. שוין שפּעט.

בּעטקע. איך וויל נאָך ניט שלאָפֿען. אפשר וועט דוד קומען נעכטיגען.

נחמה. ער וועט ניט קומען. לעג זיך, זאָג איך דיר.

(בּעטקע לעגט זיך אויף דער ערד נעבּען די קינדער).

שם (האָט אַ קוק געגעבּען אויף די קראַנקע קינדער און אָבּגעטרעטען פֿון זיי). איך האָבּ היינט בּעקומען אַ גרוס... פֿון מירה'ן.

נחמה (גלייכגילטיג). פֿון מירה'ן? (קנייטשט די שמאַטעס) נו, וואָס מאַכט זי?

שם. שוין געזונד געוואָרען. די וואונדען פֿערהיילט. זי לאָזט דיר גריסען, זי זאָגט זאָלסט ניט מורא האָבּען.

נחמה. איך האָבּ ניט מורא. איך טראַכט ניט פֿון איהר. זי האָט געוואָלט, זאָל זי איצט האָבּען דעם פּסק. איך האָבּ אויף איהר ניט קיין רחמנות.

שם. דאָס קען ניט זיין.

נחמה (מיט געבּעט). איך דאַרף מען אויך בּעטען? איהר זעהט דאָך?.. (האָט בּעמערקט דעם סדור בּיי איהם אין די הענד און איז געוואָרען אין כּעס) איהר טראָגט זיך אַלץ אַרום מיט'ן



סדור? דאָס פֿערדריסט מיך. ס'איז אַזוי, מ'שטיינס געזאָגט. וואויל און גוט אַרום און אַרום, אַז מען דאַרף נאָר דאַנקען און לויבּען.

שם. נאַר דאָס!

נחמה (פּלוצים, אָפֿענהערציג). ווייסט איהר פֿעטער, איך בּענק נאָך מונה'ן! איהר געדענקט, אַז מ'האָט איהם אומגעקעהרט דאָס בּיכעל? וואָס פֿאַר אַ געזונטער ער איז דעמאָלט געוועזען! איהר געדענקט, פֿעטער, וויאָס ער האָט געזאָגט? און ווי גיך איז ער געשטאָרבּען. פֿערבּרענט געוואָרען. און אויפֿ'ן פּנים איז בּיי איהם דעמאָלט ניט געשטאַנען געשריבּען... נאָר איהר האָט געהייסען גאָט בּעטען. און וויפֿיעל מענשען איז שוין פֿון דעמאָלט אָן געשטאָרבּען פֿון אָט דעם פֿערשאָלטענעם הונגער, און איהר האָט אַלץ גאָט געבּעטען. עס פֿליהען דורך פֿערמאַטערטע מענשען איבּער אייער קאָפּ, ווי די פֿויגלען, און איהר זעהט זיי ניט. פֿעטער, פֿעטער! (בּויגט זיך אָן מיט'ן קאָפּ אויף זיין אַקסעל) זעקס פּאַרשוין שלעפּט אויף זיך מונה, און יעדערער ציהט פֿון איהם די קליי, — אַזוי האָט ער געזאָגט. און מיר האָט אַפֿילו דאָס האַרץ ניט פֿערקלעמט. פֿאַר וואָס? מיין האַרץ האָט געשוויגען, און איך האָבּ זיך גאָר מיט איהם געדאַרפֿט זעגענען. איך האָבּ איהם געדאַרפֿט אַרומנעהמען, צוקוועטשען צום האַרצען און איהם האַלטען אַזוי בּיז'ן נעכטיגען טאָג. ניין, ער וועט שוין ניט קומען, מונה, שכּור, און איך וועל איהם שוין ניט זאָגען מיט האַרץ־וועהטאָג: ווייטער טרינקסטו, מונה, מאַכסט אַ תּל פֿון זיך, מונה. (זי האַלט איין די טרערען).

שם. אַז מען דאַרף, נחמה, שטרעקט ער אויס אַ שטאַרקע האַנד, הערסט וואָס איך זאָג, אָט אַזאַ שטאַרקע, גרויסע האַנד שטרעקט ער אויס צו אַ ווערימעל, וואָס פֿאַלט פֿונ'ם בּוים, און מיאוס'ט זיך ניט מיט דעם, און האַלט עס אונטער.

נחמה. פֿאַר וואָס זשע האָט ער ניט אונטערגעהאַלטען אונז? זענען מיר אַלע אינאיינעם דען שוואַכער, איידער איין ווערימעל? האָבּען מיר אַלע אינאיינעם דען ניט געבּעטען העכער פֿון איין ווערימעל?

שם (שטרענג). ניין! איהר האָט מודה געווען אין איהם.

נחמה (ווייך). אַז איהר רעדט מיט מיר אַזוי, פֿעטער, פֿיהל איך, אַז איך בּין ניט ווערט. איך ווער ווייך. עפּיס ווערט מיר שטיל אויף דער נשמה, איך פֿיהל זיך ווי צוגעבּויגען, און עס

ווילט זיך מיר שטעלען אויף די קניה, צונויפלעגען די הענד אָט אַזוי און אַראָבלאָזען דעם קאָפּ. אַ שוידער געהט איבער איבער'ן לייב. און איך בין גרייט צו ליידען, פעטער, וויפיעל אין מיין זעעל וועט אַריין, וויפיעל אין גוף וועט אַריין.

שם. וואָס האָסטו פערטראַכט, נחמה? אַ, נחמה? (געהט צו און קוקט איהר פאָרשענדיג אין די אויגען. זי קירעוועט זיך אָב) אַהאַ, דו קענסט ניט?

נחמה. נו, און האַרץ־וועהטאָג, און ליידען? און וואוהין זועל איך געהן מאָרגען מיט מיינע קינדער? לאָמיר פרופען שטאַרבען אויפ'ן אָרט, וועט אונז עמיצער דען געבען ברויט? און דאָס איז ערשט נאָר די ערשטע פראַגע, פעטער, נאָר די ערשטע! מיר שטעהען פאַר אַנ'אייזערנער וואַנד! בעטראַכט זיך נאָר, פעטער, אַ מאַמע מיט דריי קינדער, און די קינדער זענען איהר איינגעבאַקען אין האַרצען. נאָך וואָס זאָלען זיי וואַקסען? מיט'ן מאַרך פון די ביינער, מיט בלוט און מיט טרערען האָב איך זיי אויסגעהאָדעוועט, — פאַר וועמען? מהוט אַ קוק אויף די צוויי, וואָס דאַרפען זיי לעבען? און דאָס איז נאָר די ערשטע פראַגע, פעטער, נאָר די ערשטע...

שם (דערשראָקען). נחמה! איך לייען אין דיינע אויגען,

נחמה. גיעב אַ קוק אויף דיינע קראַנקע, די דערשראָקענע. אפשר קומט זיי ניט, זאָלסט אויף זיי רחמנות האָבען?

נחמה. איהר זענט אַ פראָסטער מענש, פעטער, איהר פערשטעהט ניט.

שם (אויפגערעגט). אַז דער אויבערשטער האָט אונז געשענקט דאָס לעבען, דאַרף מען עס היטען. מען דאַרף, זאָג איך דיר, ס'איז אונזער חוב... דערשטיק דעם געשריי פון דיין האַרץ. עמיצער קוקט אויף דיר, נחמה, הייב אויף דעם קאָפּ...

נחמה (מיט פערדרוס). איך וויל ניט קיקען! איך פערהאַס איהם!

שם (אין צאָרן). לעסטער ניט גאָט! שוויַיג! אָט מיט די הענד וועל איך דיך דערוועַרגען פאַר זיין נאָמען. שוויַיג, נחמה, שוויַיג, דו פערבלענדעטע. נעהם דיין האַרץ אין די הענד און זאָג, ווי עס דאַרף זאָגען זיין בעשעפעניש: גאָט, איך האָב דיך ליעב! דיין אומגערעכטיגקייט האָב איך ליעב, ווייל זי איז גערעכטיגקייט, דיין בייז האָב איך ליעב! איך האָב ליעב דיין אמת,



וואָס איך טהו איהם ניט פערשטעהען, איך האָב ליעב אַלץ, וואָס ס'דאַכט זיך מיר, אַז דו טהוסט פאַלש. איך האָב דיך ליעב אינגאַנצען, ווי דו ביסט, אין דיינע גוטע מעשים, ווי אין דיינע שלעכטע. טהו מיט מיר וואָס דו ווילסט. ווייל איך גלויב אין דיינע וועגען.

נחמה. פעטער! (מיט אַ קרעכץ) פעטער!

שם (פעסט). איך גלויב אין דיינע וועגען, אַזוי זאָג.

נחמה. עס טאָר דאָך אָבער אַזוי ניט זיין! פעטער, מענשען דאַרפען אַ קרבן! עס טאָר אַזוי ניט זיין...

שם (פעסט ווי פריהער). אַלץ דאַרף זיין, וואָס ס'איז דאָ אויף דער וועלט.

נחמה. איך וועל זיך צובייסען די פינגער פאַר כעס. אַ שטיין שטעלט אַוועק אויף אייער אָרט, וועל איך איהם אַרומנעהמען. איהר זענט נאָך ניט געוואָרען דערציטערט?

שם. דאָס איז די מעשים פון זיין ליעבען נאָמען... האָט דיר דיין האַרץ דען ניט געזאָגט, אַז ער איז דאָ אומעטום?..

נחמה (אויפגעבראַכט). ס'איז מיר שווער דאָס צו הערען! — ניין, פעטער, אַ דונער דאַרף מען וואַרפען אויף דער ערד, כדי דאָס זאָל שוין מעהר אַזוי ניט זיין! עס טאָר אַזוי ניט זיין, אַז מחנות מענשען זאָלען אויסגעהן. פעטער, עס טאָר אַזוי ניט זיין. נאָר דאָס דאַרף מען זאָגען. זאָגען הויך, מיט אַ שרעקליכער שטים. אָט דאָס איז די לעצטע פראַגע. (אויפגערעגט) ווער איז שולדיג אין אונזער לעבען? (ווייזט דורכ'ן פענסטער אויף דער שטאָדט) זיי! זיי דאַרפען דאָס וויסען... מאָרגען וועלען זיי קומען צו זיך... פיער מתים וועל איך וואַרפען אויף זייערע קעפּ.. איהר דייכע, איהר זאַטע, איהר שטאַרקע, — קוקט זיך אַרום! און זיי וועלען ווערען דערציטערט... פיער מתים וועל איך וואַרפען אויף זייערע שמחות, אויף זייערע סעודות, אויף זייערע חתונות, פיער דונערן וועל איך וואַרפען צווישען זייערע פריידען, צווישען זייערע פערגעניגען. זאָל מיין קרבן שרייען: וואוהין געהט איהר, מענשען? וואוהין? קען דען זיין אַ שמחה זיך פער'שכור'ן מיט יענעמס בלוט, קען דען זיין אַ תענוג יענעמס ליידען? קען מען דען עסען, אַז מתנות זענען הונגעריג? קען מען דען לעבען, אַז אַנדערע ליידען? טאַנצען, אַז טויזענטער וויינען? פעטער! פיער מתים וועל איך אַריינוואַרפען אין האַרצען פון אָט דער פער־

שאָלטענער שטאָדט, פיער ... מיר וועלען אומקומען. נאָר ס'וועט דערגרייכען אונזער קרבן, ער וועט דערגרייכען, זיי וועלען דערציטערט ווערען און וועלען זיך אַרומקוקען, וואו זענען זיי אויף דער וועלט. זיי וועלען פרעגען, פון וואַנען דער דונער? און זיי וועלען זיך צוהערען ... און זיי וועלען געהן צו די פערמאַטערטע, די שוואַכע ...

שם (פערצווייפעלט). נחמה! זאָלסט זיך דאָס ניט דערוועגען! איך וועל אַרויסגעהן אויפ'ן גאַס און וועל שרייען: אידען, געהט צו נחמה'ן. נחמה וויל טהאָן אַ פערברעכען.

נחמה (איינפאַך). יעדערער, ווער עס פיהלט אין זיך אַ האַרץ פון אַ מענשען, וועט זאָגען: מיט פרייד און מיט פערגניגען וויל זי אָבגעבען זיך און אירע קינדער פאַר יענעם!..

שם. קינד מיינס, קינד מיינס! (שטרעקט איהר אויס דעם סדור) נעהם דעם ספר און לייען איהם. לייען איהם ... ווי אַ שטעקען אין אַ שווערען וועג און ווי אַ ליכט אין דער פינסטער איז ער. איך זעה, אַ קאַלך־אויווען פון יאוש פלאַקערט אין דיין האַרץ. נעהם איצט דעם דאָזיגען ספר ...

נחמה. (עס צינדט זי אָן אַ שטאַרקער כעס. זי רייסט אויס דעם ספר פון זיינע הענד און וואַרפט איהם אויף דער ערד).

אָט איז אַנ'אָרט פאַר אייער ספר. אָט וואו! נאָר אויף חוזק האָט מען איהם אונז געגעבען, פאַלשקייט, צביעות ברענגט מיט זיך דער ספר. דער פלוך פון אונזער לעבען איז אין דעם ספר ...

שם (ראַנגעלט זיך מיט איהר און הייבט אויף דעם סדור). קינד מיינס, — ער וועט דיר מוחל זיין. זעה, ער האָט אָנגעברוגז'ט זיינע ברעמען, ווי איך, און טאַקי באַלד איז זיין פנים ווייטער געוואָרען לויטער. ער איז אַ גאָט פון רחמנות, אויף זיין האַנד האָט ער איהם אַרויפגעלעגט און וועגט איהם ...

נחמה. און מיט איהם וועל איך האָבען אַ שמועס. איך געה צו איהם מיט די קינדער. און — אויב ער איז דאָ, נאָר — אויב ער איז נאָר דאָ ... הערט, פעטער! איך וועל נעהמען מיינע קינדער און זיי אַרויסרוקען אַפריהער ... איך וועל נעהמען מיין אומגליקליכען מונה'ן, איך וועל איהם צופיהרען נעהענטער צו איהם און איך וועל זאָגען: גיב אַ קוק, גאָט, פון דער נאָהענט אויף די ווערק פון דיינע הענד. און מונה וועט אָנהויבען וויינען, און די קינדער וועלען אָנהייבען וויינען, און איך וועל איהם קוקען אין די אויגען,



און די אויגען מיינע וועלען שפיל שרייען: גאָט, אָט זענען די ווערק פון דיינע הענד. און ער וועט זיך אָבקעהרען. ער וועט ניט אויסהאַלטען, ער וועט ניט איבערטראָגען די טרערען פו די אומשולדיגע נאָהענט נעבען זיך, און איך וועל איהם פרעגען: פאַר וואָס, גאָט, אַז איך האָב ליעב געהאַט איינעם, האָסטו איהם געטויט און האָסט מיר געגעבען מונה'ן, ניט קיין געליעבטען, און האָסט מיך גענויט חתונה האָבען פאַר איהם? אָט דאָס איז, גאָט, מיין ערשטע לייד.

שם (שלאָגט איהר האַסטיג איבער די רעד). ניין, ניין, ניט אַזוי ...

נחמה (מאַכט מיט דער האַנד). פאַר וואָס פאָדערסטו גערעכטיגקייט פון שוואַכע, און אַליין, אַזאַ אַלמעכטיגער, אַזאַ שטאַרקער, טהוסטו ערגער פון דעם ערגסטען? דאָס האָסטו דיר איינס! — מיט וואָס קענסטו, גאָט, פערענטפערן מיין לייד? צו האָסט דו עס געדאַרפט האָבען, דו, יואָס דו זאָגסט יעדען, קליין און גרויס, טאָג און נאַכט: איך בין דער גאָט פון גענאָד. אָדער אפשר דאַרף דיין גענאָד זיך באָדען אין די ליידען פון אומשולדיגע מענשען, וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ גענאָד? און וואָס דאַרפסטו די מענשליכע ליידען? וואָס טויגען זיי דיר? פאַסט עס דיר, דו זאָלסט זיצען אויף אַ שטוהל פון מענשליכע זיפצען, פאַסט עס דיר, דאָס בענקעלע אונטער דיינע פיס זאָל זיין פון טרערען געבויט? פון אַלע זייטען הערען מיר, מען זאָגט אויף דיר: ער איז גענאָד, ער איז אַלמעכטיג. פונקט ווי מיר הערען, מען חנפ'ט די רייכע און שטאַרקע, ווען יעדער געדאַנק, יעדער געפיהל איז ביי זיי פול מיט אכזריות ...

שם (האַקט איהר איבער מיט צאָרן). פערמאַך דאָס מויל, דו חצופה, ביסט משוגע!

נחמה. הערט, פעטער, איך וועל איהם פרעגען נאָך אַ מאָל: פאַר וואָס האָסטו מיר געגעבען אַ מאַן און האָסט איהם געמאַכט פאַר אַ שכור? פאַר צרות האָט ער אָנגעהויבען טרינקען! ער איז געווען אַ שלימזלניק, אַ בייזער, און דו האָסט דאָך איהם געקענט מאַכען פאַר אַ גוטען אַרבייטער. פאַר וואָס? מיר האָבען שטענדיג געהונגערט, אַקוראַט ווי דער הונגער איז געווען דער טייערסטער מאכל און דו האָסט, פון גרויס ליעבשאַפט ווענען, אונז געגעבען פון איהם מיט אַ פולער האַנד. דאָס האָסטו דיר צוויי. ענטפער, פאַר יואָס? פאַר וואָס האָבען מיר געלעבט אין

בלאָטע, — וועל איך איהם פֿרעגען דאָס דריטע מאָל, — פֿאַר וואָס האָבען מיר געקרענקט, געליטען, געקלאָגט, און נעבען אונז האָבען מחנות געלעבט אין דער בלאָטע, געקרענקט, געליטען, געקלאָגט, און מיר אַלע האָבען געוויינט יעדען טאָג, יעדען טאָג געבעטען ביי דיר און ס'האָט גאָר ניט געהאָלפען, און טאַקי דאָ ניט ווייט לעבען מענשען, וואָס דו האָסט זיי ליעב, מענשען וואָס ווייסען ניט וואו אַהינצוטהאָן דאָס ברויט, וואָס צו טהאָן מיט דעם עשירות, מיט דעם געזונד? פֿאַר וואָס האָסטו אונז יעדען טאָג, יעדע רגע געלאָזט פֿיהלען דיין שלעכטיגקייט, דיין בייזע האַנד, און מיר האָבען דיך געפֿרעגט: וואָס זשע איז דאָס פֿאַר אַ גאָט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ לעבען? — און דו האָסט קיינמאָל קיין תשובה ניט געגעבען, אַקוראַט ווי קיין איינציגע טרער אונזערע האָט צו דיר ניט דערגרייכט, אַקוראַט ווי איין געשריי פֿון די אַלע טויזענטער האָט דיין אויער ניט בעריהרט? אָדער אפֿשר זענען די אויערן דיינע אָפֿען נאָר פֿאַר די אויסדערוועהלטע, נאָר פֿאַר די שטאַרקע? וואָס זשע ביסטו פֿאַר אַ גאָט? ווי זשע קענסטו פֿאָדערן פֿון די מענשען גערעכטיגע מעשים, ווי קענסטו פֿאָדערן, מיר זאָלען דיך פֿאָלגען, מיר זאָלען בענשען די ווערק פֿון דיינע הענד? דער ערגסטער מענש וואָלט דערציטערט געוואָרען, קוקענדיג אויף אונז. צו האָסט דו זיך דערשראָקען ווען עס איז, צו האָסטו כאָטש איין מאָל אַ טרער געלאָזט איבער דיינע מענשען?

שם. איך וועל דיר באַלד ענטפֿערן, נחמה. לאָז מיך נאָר אויסרעדען...

נחמה (הערט איהם ניט). און אָט אַזוי האָב איך אַלע מיינע יאָהרען געזעהען פֿון דיר נאָר אומגערעכטיגקייט, נאָר אומגערעכטיגקייט האָבען מיר אַלע געזעהען און מיר האָבען אַוועקגעלעגט אַלע אונזערע כחות, אַז מיר זאָלען ניט טהאָן אַזוי ווי דו. צו האָסטו דאָס געשעצט? צו האָסטו זיך אַליין געזאָגט: זאָלען שוין נעהמען אַנ'עק די ליידען פֿון די שוואַכע, — לאָמיך זיי מאַכען פֿריי. ניין און ניין! דו האָסט געמאַכט חוזק פֿון אונז, דו האָסט זיך געשפּיעלט מיט אונזערע צרות, מיט אונזערע טרערען, טאָג ווי נאַכט האָסטו נאָר געקלערט: וואָס גיעט מען נאָך עפּיס אַ ביטערס אויסטרינקען די שוואַכע? קוק זשע זיך צו אַצונד, אויב דו האָסט ביז אַהער ניט געוואוסט, זעה מיט מענשליכע אויגען די ווערק פֿון דיינע הענד. זעה און שעם דיך! איך האָב אַוועק-



געגעבען מיין לעבען און דאָס לעבען פֿון מיינע קינדער, כדי צו קומען אַהער און פֿאָדערן אַ חשבון פֿון דיר. וואָס זשע טהוסטו, גאָט? פֿערענטפֿער זיך, פֿערענטפֿער זיך פֿאַר אונז, ענטפֿער. הונדערטער יאָהרען געהען אַוועק, די אומגערעכטיגקייט דיינע וואַקסט אַלע מאָל מעהר, מענשען האָבען שוין ניט קיין כח צו ליידען. דו האָסט אָבגעקעהרט דיין פּנים!.. פֿאַר וואָס זשע האָסטו אונז געמוטשעט? פֿאַר וואָס האָסטו מיליאָנען מענשען פֿערבלענדעט די אויגען? מיר האָבען דען אַליין מיט אונזער כח ניט געקענט גובר זיין דעם כח, נעהמען די מאַכט און אויסראָמען אַל דאָס בייז, אַ מיאוס'ער שווינדלער ביסטו! וואַרף מיך אין דיין גיהנם אַריין הונדערט מאָל, — מיין נשמה וועט זיך ניט אונטערגעבען. מענשען וועלען דיר ניט מוחל זיין פֿאַר דיין שווינדעל...

(זי איז געבליבען אָהן כח. זעצט זיך אויף דער ערד נעבען וואַנד און קוקט שטרענג אויף שם'ן).

שם (ווענדט זיך צו איהר). שעלטען דיך, — דאָס איז ניט קיין ענטפֿער, נאָר ס'וואָלט געווען דער בעסטער ענטפֿער. דיינע צרות האָבען דיך בלינד געמאַכט. בעסער נעהמען אַ שטיין און דיך צופּלעטען... ווער קען וועלען, אַז דער פֿונדאַמענט פֿון אַ שטוב זאָל ליעגען פֿון אויבען און דער דאַך איהרער זאָל ליעגען אונטער דער ערד? (מיט פֿעראַכטונג) דער מענש! ווער קען בעטען, אַז פֿייער זאָל קיהלען און אייז זאָל ברענען? דער מענש! און אָט איז שוין דער ענטפֿער. ער ווייסט דאָך, און ער האָט פֿאָרט ניט געטהאָן. דער פֿונדאַמענט פֿון דער שטוב ליעגט אונטער דער ערד, און דעם דאַך לעגט מען אויבען, אַזוי דאַרף זיין און אַנדערש קען עס ניט זיין. ווי אַ דימאַנט פֿונקעלט, אַזוי שיינט אויך דער אמת דאָ. דאָס הויז, — דאָס איז זיין בנין. דער ספר, — דאָס איז זיין וועג. די שטיינער קוועטשען איינער דעם צווייטען, נאָר ווער קוקט דערויף, וואָס די שטיינער ליידען, אַז דער בנין איז נויטיג? (מיט פֿעראַכטונג) דער מענש! און מיינסט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בנין? די גאַנצע וועלט! דער דאַך ציהט זיך אַרויף, צו איהם, נאָר דער פֿונדאַמענט ציהט זיך אויך צו איהם אַרויף, און ווער קען זאָגען, וואו איז דער דאַך, וואו איז דער פֿונדאַמענט? דאָס דאַרף מען פֿערשטעהען! איז דען ברויט און זונענשיין — אַלצדינג, וואָס דער מענש דאַרף האָבען? ניין און ניין! וואו זשע איז דער ענטפֿער? (ווייזט אויפֿ'ן סדור) אָט איז ער, דאָ איז דער

ענטפֿער! אַהער קוק, דאָ ליי'ען. וואָס בעדייטען די מענשליכע ליידען און דאָס ניט פֿערשטעהען, און די טרערען געגען דער זיסקייט פֿון דעם דאָזיגען ספר? אין יעדען וואָרט זיינעם איז אַ מלוכה פֿון מלוכות, אין יעדער אות — אַ תּענוג פֿון תּענוגים אָהן אַ סוף... אפֿשר איז דאָס מיסט ביי דיר טייער? אפֿשר ווילסטו גאָלד? וואָס זשע געהסטו צו איהם? וואָס פֿרעגסטו איהם? אונטערטהעניגקייט וויל ער און ליעבע! הכנעה און ליעבע. איינ־בויגען זאָל מען פֿאַר איהם דעם קאָפּ... קינד מיינס, נחמה! (געריהרט) זעה, אָט שטעהט ער פֿון אויבען און קוקט אויף די ווערק פֿון זיינע הענד. ער קוקט, ווי זיינע מענשען געהען צו איהם. און ער זעהט אַלע, און ער הערט אַלע אוים, און ער שמייכעלט מיט ליעבשאַפֿט, קוקענדיג, ווי עס ציהען זיך זיינע מענשען צו איהם. און אין זיין שמייכעל שיינט דער צער. (טרויעריג) און מען מוז געהן, נחמה, שטילערהייט מוז מען זיך ציהען צו איהם... דאָרט וועט אַלעס ווערען קלאָר...

נחמה (געריהרט). ער קוקט, ווי עס ציהען זיך זיינע מענשען צו איהם. ער קוקט... און דער צער שיינט אין זיין שמייכעל?

שם. ער ווייסט אַלצדינג. און ער האָט געזאָגט: נאַט אייך מיין ספר, — געהט מיט איהם...

נחמה (ווערט אונרוהיג און אונגעדולדיג. אומיסנע מיט אַ שלעפֿערדיג קול) נו, גוט! אַ גוטע נאַכט, פֿעטער. (הייבט זיך אונ־טער) געהט אַריין אינדערפֿריה, פֿעטער...

שם (רוהיגער). דו ווילסט שלאָפֿען, נחמה? און יענץ?

נחמה (געניצט). וואָס יענץ? איך ווייס ניט, וואָס הייסט— יענץ.

שם (אַראָבגעפֿיהרט פֿון וועג). אָט יענץ, וואָס דו האָסט פֿריהער גערעדט.

נחמה. וואָס האָב איך גערעדט?

שם. דו האָסט געוואָלט שטאַרבען.

נחמה. ווער? איך? (מאַכט זיך ווי זי לאַכט) שטאַרבען! נחמה וועט זיך ניט טהאָן גאָר ניט. נחמה האָט געלאַכט. זי וועט בלייבען זיצען אויף דער ערד, וועט בענקען נאָך איהר מונה'ן, זי וועט אַנדרעמעלט ווערען, און אַז זי וועט זיך אויפֿכאַפּען, וועט



זי איהם אַביסל בעוויינען. (זי לעגט זיך, כלומר'שט זי וויל אַנט־שלאָפֿען ווערען).

שם (קוקט אויף איהר און ווייסט ניט, וואָס צו טהאָן). וואָס זשע זאָגסטו, נחמה? איך וויל אַוועקגעהן אַ רוהיגער. דו וועסט זיך גאָר ניט טהאָן?

נחמה. איך שלאָף. אָט האָב איך ערשט געזעהען מונה'ן. וואָס, פֿעטער?

שם. מיין האַרץ איז מיר אונרוהיג. כ'וועל בעסער בלייבען ביי דיר.

נחמה (לעבעדיג). ניין, ניין, פֿעטער. געהט אַהיים! נאָך וואָס? איך בעט אייך, פֿעטער. לאָזט מיך אַ דרעמעל טהאָן... איך וועל באַלד זעהען מונה'ן... עס ווייִנט זיך אַזוי גוט אין שלאָף. פֿעטער, מאָרגען וועל איך אויפֿשטעהן און אָנהויבען טראַכטען וועגען אַרבייט...

שם (בערוהיגט). און איך וועל אינדערפֿריה ברענגען ברויט פֿאַר די קינדער. כ'וועל ברענגען קויהלען און איינהייצען.

נחמה. און ס'וועט זיין וואַרים...

שם. און טהיי וועל איך אויך פֿערקאָכען. כ'וועל נעהמען נחמ'לען אויף די הענד און וועל איהם געבען טהיי.

נחמה. אַז נחמ'לע וועט דערלעבען, וועט ער זאָגען: פֿעטער שם, וואו האָט איהר גענומען ברויט? און איהר וועט זאָגען: ביי די מענשען, ביי די פֿערשאָלטענע מענשען! (געניצט) איך וויל שלאָפֿען, פֿעטער, — שלאָפֿען...

שם. נו אויב אַזוי, — אַ גוטע נאַכט. איך וועל זיין רוהיג. דו שלאָפֿסט, נחמה?

נחמה, וואָס, פֿעטער? איהר זענט נאָך דאָ? אי וויינען ווילט זיך מיר. אי שלאָפֿען ווילט זיך... אַ גוטע נאַכט. פֿערגעסט ניט אַריינגעהן אינדערפֿריה.

שם. אַ גוטע נאַכט. איך בין רוהיג. (ער געהט אַרויס. פּויזע. נחמה ליעגט, האַלב פֿערמאַכט די אויגען, און הערט זיך איין. שם'ס טריט הערען זיך שוין ניט. זי הייבט זיך שנעל אויף אַ בערוהיגטע).

נחמה (זאָגט נאָך מיט האַרץ־קלעמעניש) אַ גוטע נאַכט. (זי האָט אָנגעהויבען קרעכ'צען. געהט צו צו בעטקע'ן און וועקט זי) בעטקע, בעטקע!

בּעטקע (פֿון שלאָף מיט אַ דערשראָקען קול) וואָס איז דאָ, מאַמע?

נחמה. דו בּיסט געשלאָפֿען? ס'איז גאָר ניט. איך האָבּ דיך אויפֿגעוועקט כּדי דיך צו קושען.

בּעטקע (מיעד). אַלע שלאָפֿען. די קינדער שווייגען. אַי האָבּ איך געזעהען אַ חלום! (געניצט) כ'האָבּ געזעהען דעם טאַטען!..

נחמה (נעהמט זי אָן פֿאַר דער האַנד) בּעטקע, בּעטקע... (וויינט. קושט זי).

בּעטקע. וואָס איז דיר, מאַמע? מאַמע!.. (נעהמט זי אַרום. בּיידע וויינען). איך פֿערשטעה ניט. איך פֿערשטעה גאָר ניט, מאַמע.

נחמה. נו לעג זיך. ווער אַנטשלאָפֿען. און מאָרגען וועלען מיר פֿאָהרען.

בּעטקע. וואוהין וועלען מיר פֿאָהרען, מאַמע? מיר וועלען פֿאָהרען? מאָרגען! און דאָרט וועט זיין גוט?

נחמה. בּעסער וועט אין ערגיץ ניט זיין. (קריכט צו צו די איבּעריגע קינדער. נעהמט זיי צערטליך אַרום. קושט זיי און קרעכצט).

בּעטקע. וויי טער וויינסטו, מאַמע! איך האָבּ מורא... דער זיידע שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען? וואָס איז גאָר אַוועקגעגאַנגען?

נחמה. ניט לאַנג. לאָמיר זיך צוקושען נאָך אַ מאָל. (נעהמט זי ווידער אַרום און וויינט ליידענשאַפֿטליך).

בּעטקע. אוי, מאַמע, וואָס איז מיט דיר געוואָרען! מאַמע, מאַמע... און דער טאַטע איז ניטאָ!

נחמה. איצט וועל איך אייַנהייצען, וועט אייך זיין וואַרים. איך האָבּ קויהלען געבּראַכט. נו, לעג זיך. (קריכט צו צו די קראַנקע קינדער) בּיינדעלעך מייַנע, בּיינדעלעך! טייַערע, קראַנקע בּיינדעלעך! (קוקט אויף זיי לאַנג. האָט זיך אויפֿגעהייבּען. בּעטקע האָט זיך געלעגט שלאָפֿען. נחמה געהט צו צו דער פּליטע, נעהמט אַרויס פֿונ'ם בּינדעלע קויהלען און שפּענדלעך און הייצט איין. אַבּיסעל שפּעטער פֿערמאַכט זי דעם קוימען. געהט צו די קינדער און לעגט זיך נעבּען זיי).

נחמה. נו, לאָמיר נאָך אַ מאָל זיך צוקושען. דאָס לעצטע



מאָל! אַלע נעבּען מיר. אֶפֿשר וועט נאָך אונז ווערען גרינגער די מענשען צו לעבּען!

בּעטקע (דורכ'ן שלאָף). ס'איז דאַכט זיך אַ טשאַד אין שטוב, מאַמע? עפּיס דער קאָפּ טהוט וועה.

נחמה. דאָס איז גאָר ניט, בּעטקע. לאָמיר זיך נאָך אַ מאָל צוקושען, קינדער. קינדערלעך! (וויינט) נעהמט מיך אַרום! נאָך איין מאָל! נאָך איין מאָל!.. (זי האָט זיך צוגעטוליעט צו זיי און וויינט ליידענשאַפֿטליך).

ענדע.



20) *** צו דער געשיכטע פון דער בעלגישער ארבייטער בעוועגונג . 10 ק.

21) פרץ הירשביין, ווייטע און נאהענטע בילדער. 4 ניקטען 12 „

22) נעמאנסקי. די פאריזער קאמונע. . . . . 30 „

23) א. ה. די סאציאליסטישע פראקציעס אין ציוניזמוס. . 12 „

24) פאל לאפארג. ערינערונגען וועגען קארל מארקס. 6 „

25) דיקשטיין. פון וואס איינער לעבט. . . . 6 „

26) מ. טערמאנן. רעליגיאן און קלאססען-געגענזאטצען. 15 „

27) ק. קאוטסקי. אויף מארגען נאך דער סאציאלער רעוואלוציאן. 20 „

28) ב. האפמאנן. פרויען-האנדעל און פראסטיטוציע. 7 „

29) ק. קאוטסקי. קלאססען-אינטערעסען. . . . 7 „

30) י. פראנק. דער בידרשעט ביי די חיות . . . 2 „

31) א. טהון. די אמאליגע פארקס בעוועגונג אין רוס-לאנד, אין 2 טיילען, יעדע טייל צו 30 קאפ. 60 „

32) ד. פינסקי. אין משוגעים הויז . . . . . . 3 „

33) ק. צעטקין. די פרוי און איהר עקאנאמישע לאגע 10 „

34) פ. ראל. די ראלע פון לומפענפראלעטאריאט אין די רעוואלוציעס. 3 „

35) מ. מאקסימאוו. ז. קאצענשטיין. } וועגען אנארכיזם. . . . 9 „

36) ה. קונאוו. די גרונד-געזעצען פון אנארכיזם . . 5 „

37) לנו. די שכירות . . . . . . . . 15 „

38) *** די פרייע הארפע. וואטעלבוך פון לידער . . 25 „

39) א. נעמאנסקי. די פראפעסיאנעלע פעראיינען און זייערע אויפגאבען 15 „

40) ס. יושקעוויץ. דער הונגער. איבערזעצט פון רוסישען פון אלגין. 25 „

---

